# דריי שטעדטלעך.

I

אַזוי ווי פון דער רוסישער ליטעראַטור שמעקט אין אַלגעמיין מיט די גראָזען פֿונ'ם רוסישען דאָרף, אַזוי ווי אין דער אייראָפּעאישער הערען זיך שטימען פֿון די גרויסע שטעדט מיט איהרע פֿאַבריק=און האַנדעלס=צענטרען, — פּונקט אַזוי הערט זיך אין אונזער יודישער ליטעראַטור דאָס שטילע, איינגע, פֿערשטיקטע לעבענס=גערויש פֿון אַ יודישען קליין=שטעדטיל. אונזער ליטעראַטור, ביז פֿאַר קורצען, איז געווי אַזאַ קליין=שטעדטילדיגע, ווי די רוסישע — אַ דאָרפֿישע. דער פֿונדאַמענט, אויף וועלכען עס בויען אונזערע ליטעראַטען דאָס אידעלע געבײַ פֿון זייער קונסט, איז קאַבצאַנאָווקע, טונעיאַדאָווקע, די סביבה, וואו עס פֿערברייינגען זייער לעבען די העלדען פֿון אַ יודישער ערצעהלונג, איז דער איינגער שטח פֿון אַ קליין שטעדטיל, מיט הילצערנע הײַזלעך און שטרויענע דעכער, מיט אַנ'איינגעפֿאַלענעם בית=מדרש און אַ שלעכט ברוקירטען מאַרקפּלאַץ, וואו עס דרעהט זיך אַרום אַנ'אָרימע עדה יודען. זוכענדיג אַ שטיקעל פּרנסה.

און עס האָט אַנדערש ניט געקאָנט זײַן. דער רוסישער יוד האָט נאָך ביז פֿאַר קורצען זיך אויפֿגעהאָדעוועט צווישען שטאָדט און דאָרף, זײַן היסטאָרישע ראָליע איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס ער איז געוועזען אַ פֿערמיטלער צווישען פּויער און פּריץ. צווישען זיי ביידען האָט זיך געשאָקעלט דאָס וויעגעל פֿון זײַן מזל, און אַזוי ווי דער פּויער און דער פּריץ זענען צוגעבונדען גע=

ווען צום דאָרף מיט טויזענדער שטריק — איז דער יוד אויך זעלטען ווען אַרויס פֿון זײַן אייגענעם נעסט.

בינו לבינו האָבען זיך די צײַטען געענדערט און צוגלײַך מיט זיי — אויך די לאַגע פֿון יודען אין דער רוסישער מדינה, וואו עס האָט זיך אָנגעהויבען שאַפֿען אַ יודישע קינסטלערישע ליטע־ראַטור. נישט לאַנג האָבען מיר געפֿײַערט 50 יאָהר, זינט דער פֿערשקלאַפֿטער פויער איז געוואָרען בעפֿרײַט, זינט דער פריץ האָט ביסלעכווײַז אָנגעהויבען צו פֿערליערען זײַן פֿעסטען מעמד און האָט וואָס מיט אַ יאָהר שפעטער זיך גענומען אַלץ ווײַטער אָברוקען פֿון דאָרף, וואו ער האָט אַמאָל געוועלטיגט ווי אַ מלך בכּפּה און וואו ער איז שפעטער געוואָרען אַ פּאָמעשטשיק אַ יורד, אָהן דעם כּח אויסצונוצען פֿאַר זײַנע תּאוות די אומזיסטע קראַפֿט פֿון דעם אַמאָליגען פֿערשקלאַפֿטען פויער. און דאָס האָט געבראַכט אויך דערצו, אַז נאָהנט פֿון שטעדטיל האָבען זיך אָנגעהויבען בילדען גרעסערע צענטרען, גרויסע שטעדט. אויך דער יוד מיט זיין גרויסען כּח זיך צו־צופּאַסען צו נייע לעבענס־בעדינגונגען האָט ביסלעכווײַז פֿערלאָזען דאָס שטעדטיל, פֿון וועלכען דער פריץ איז אַנטלאָפֿען, צוליעב דער גרויסער שטאָדט, האָט ביס־לעכווײַז בענומען זײַן נײַע פֿערמיטלונגס־ראָליע, און איז אַוועק אין די גרויסע אינדוסטריע־און האַנדעלס־צענטרען זוכען זײַן פּרנסה אויף נײַע אופֿנים.

דער הײַנטיגער יוד איז מעהר נישט קיין קליין־שטעדטיל'דיגער, ווי דער הײַנטיגער פריץ איז שוין נישט דער דאָרפֿישער מענש, וואָס אַמאָל. אַ גרויסער טייל פֿון דער יודישער מאַסע לעבט שוין אין ברייטערע אַלגעמיין־קולטורעלע לעבענס־פֿאָרמען. נישט דאָס שטעדטיל איז הײַנט משפּיע אויפֿ'ן לעבען פֿון כּלל, נאָר די שטעדט, וואו עס קאָנצענטרירט זיך דער גײַסטיגסטער, קרעפֿ־טיגסטער טייל פֿון יודישען פֿאָלק.

דער, וואָס איז איינינערמאַסען בעקאַנט מיט דעם מאָדערנעם יו־דישען לעבען, ווייס, אַז אין די קליינע שטעדטליך פֿון תּחום געפֿינט מען שוין כּמעט נישט איין מענשען, וואָס האָט זיך אין אַ געוויסער צײַט ניט געריסען אַרויסצוגעהן פֿון טונעיאַדעווקע, אַז דער יונגער דור פֿערלאָזט די שטעדטליך מאַסענווײַז,

פֿאַרבריינגט זײַן יוגענד אין עפּיס אַ יודישען גרויסען צענטר, אָדער עמיגרירט אויף שטענדיג קײַן אַמעריקאַ. אויך די פּוילישע שטעדטליך ווערען אויסגעליידיגט ביסלעכווײַז פֿון יונגען דור. און ווען דער פּראָצעס האָט דאָרט אָנגעהויבען זיך ענטוויקלען שפּעטער ווי אין ליטא און דרום־רוסלאַנד, האָבען מיר עס צו פֿאַרדאַנקען אַ סך סבות, אין אַ געווויסען זין אויך דעם פֿאַרגרעבטען חסידיזם און צדיקיזם, וואָס האַלט די יודישע מאַסען אין דעם חושך פֿון אונוויסענהײַט, וואָס שטערט איטליכע געזונדטע ענטוויקלונג.

דאָס יודישע שטעדטיל שטאַרבט אָב. אין עטליכע דורות אַרום וועט עס נור לעבען ווי אַ היסטאָרישע ערינערונג, ווי עפּיס אַזוינס, וואָס האָט קיין אײַנפֿלוס נישט אויפֿ'ן יודישען לעבען, האָט אפֿשר דער היסטאָריקער וועט געהן זוכען פֿערגליווערטע סמנים פֿון דעם אַלטען אָבגעשטאָרבענעם אַמאָליגען יודישען לעבען. נאָר איידער נאָך דאָס שטעדטיל וועט אינגאַנצען אָבשטאַרבען, וועט שוין דער קינסטלער פֿיהלען זײַן פּוילניש־גערוך מיט צעהנדליגער יאָהרען פֿאָרויס. נאָך איידער דאָס לעבען וועט אינגאַנצען פֿערגליווערט ווערען, ווי דער סמבטיון פֿרײַטאָג־צו־נאַכטס, וועט שוין דער בעאָבאַכטער פֿון יודישען לעבען וויסען, אַז אין שטעדטיל איז נישט קיין לעבענס־שטראָם פֿאַרהאַן, נאָר שטענדיגע זומפּען מיט אַ גרינליכער בליהונג אויף זייערע וואַסערן. און מיט דעם ריכטיגען געפֿיהל פֿון אַ שאַפֿענדען קינסטלער, וועט ער זיך אָבקעהרען פֿון דעם גוסס'דיגען חולה און וועט ווענדען זײַן בליק אַהין, וואו עס וועבט זיך אַ נײַ לעבען, ווענדען זײַן בליק צו דעם יודען פֿון דער גרויסער שטאָדט.

איבעריגענס, מען דאַרף נישט זײַן קיין נביא אום דאָס פֿאָרויסצוזעהן. די יודישע ליטעראַטור פֿון די לעצטע יאָהרען גיט אונז גענוג ביישפּיעלען פֿון יונגע טאַלענטען, ווי אויך פֿון די עלטערע. וואו עס הערט זיך שוין נישט דער קול פֿון דעם שטעדטיל. שלום אַש, יונה ראָזענפֿעלד, נאָמבערג, ווײַסענבערג, ל. שאַפּיראָ און אַנד. בעפֿרײַען זיך אַלץ מעהר פֿון דעם שטעדטיל. בײַ איינעגע פֿון זיי איז דאָס שטעדטיל נור אַ דערבײַאיגער מאָטיוו, בײַ אַנדערע דאַגעגען טרעטען שוין אַרויס די נײַע

טיפען פון די גרויסע יודישע צענטרען, ווי וואַרשוי, אָדעס, א. א. וו. ביי אַנדערע ווידער פערדעקען די אַלגעמיין־מענשליכע פּראָבלעמען דאָס ספּעציעלע לעבען פון דעם שטעדטיל (וויַיסענבערג).

די בעסטע אָבער פון אונזערע היַנטיגע טאַלענטען האָבען נישט געקאָנט אין אָנפאַנג פון זייער שאַפען זיך בעפרייען פון דער סביבה, וואו זיי זענען אויסגעוואַקסען; ביי אַלעמען געפינען מיר שעפּפונגען, וואו אין צענטר פון דער שאַפונגס־פאַנטאַזיע שטעהט דאָס שטעדטיל.

אין די פאָלגענדע צײַלען וויל איך זיך אָבשטעלען אויף דרײַ שטעדטליך, וועלכע זענען, נאָך מיין מיינונג נאָך, די בעסטע קינסטלערישע מצבה אויף דעם קליינשטעדטיל'דיגען יודישען לעבען. איך וויל דערמיט נישט זאָגען, אַז חוץ די דרײַ שטעדטליך פון די אין־טיטעל־דערמאָהנטע שרייבער האָבען מיר נישט נאָך אָריגינעלע שטעדטליך, וועלכע פערדיענען ערנסט אַנאַליזירט צו ווערען. אַבראַמאָוויטש'עס קאַבצאַנאָווקע, שלום־עליכם'ס כתרילעווקע און אַ. רייזענס שטעדטיל פערלאַנגען איטליכס פאַר זיך די אויפמערקזאַמקייַט פון איטליכען ליעבהאָבער פון דער ליטעראַטור. קאַבצאַנאָווקע און כתרילעווקע זענען בײַ אונז געוואָרען אַ שם דבר און האָבען זיך אָבגעקריצט אין אונזער פאַנטאַזיע ניט וועניגער, ווי די טיפען אין זיי. אָבער אין די דריי שטעדטליך געפין איך אַזוינס, וואָס צײַגט אונז אַ נײַ פערהעלטניש צום שטעדטיל, וואָס זאָגט נישט־ווילענדיגערהייד פאָרויס דעם גיכען סוף פון זייער קיום.

בײַ פרץ'ן (איך האָב דאָ הויפּטזעכליך אין זינען זײַנע „רײַזען איבער פוילישע שטעדטליך") זעהען מיר צוערשט דאָס נײַע פערהעלטניש צום שטעדטיל, וועלכעס מיר געפינען נאָך נישט בײַ אַבראַמאָוויטש'ן און שלום־עליכם'ן.

ביי אַש'ן זעהען מיר צוערשט אַ ראָמאַנטישע בעציהונג צום שטעדטיל, וואָס ווײַזט, אַז דאָס שטעדטיל, אַלס לעבעדיגע קראַפט, האָט שוין אויפגעהערט צו עקזיסטירען, אַז עס לעבט נור אין דעם זכרון, ווי אַ געליעבטער זיידע, וואָס האָט זיך שוין געשיעדען מיט דער וועלט.

ביי ווייסענבערג'ן זעהען מיר, ווי די ניי-מאָדנע אידעען דרינגען אַריין אין דעם שטעדטיל, מאַכען עס איבער, נעהמען פון זיין פנים אַראָב דאָס ספּעציפיש-יודישע, בריינגען עס אַריין אין דעם אַלגעמיינעם לעבענס-שטראָם און ליידיגען עס סוף כל סוף אויס פון אַליך, וואָס איז יונג און קרעפטיג.

אַלע די דריי שטעדטליך זענען מיט אַנדערע ווערטער דער „אל מלא רחמים“ אויף אַ לעבען, וואָס געהט ביסלעכווייז אונטער, אָדער וואָס איז שוין אונטערגעגאַנגען. אין די פאָלגענדע קאַפּיטלען וועלען מיר זיך אויף יעדען שטעדטיל גענויער אָבשטעלען.

## II

אונטער דעם טיטעל: „בילדער פון אַ פּראָווינץ-רייזע“ האָט אונז פּרץ געגעבען (אין יאָהר 1890) אַ בילד פון דעם פּוילישען שטעדטיל. געווידמעט האָט ער זיינע בילדער „די אַלע, וואָס האָבען געוואָלט, נור, ליידער, נישט געקאָנט העלפען“. ער איז אַוועק אין שטעדטיל מיט אַ נייער בעציהונג צו איהם. נישט ווי אַבראַמאָוויטש און שפּעטער שלום-עליכם, וועלכע זענען געוועזען מיט דעם שטעדטיל ווי אויסגעבונדען און האָבען עס בעשריבען מיט דעם טאָן פון איינעם, „וואָס לעבט-דורך די אייגענע ליידען“ — איז פּרץ אַוועק אויף די פּראָווינץ, נאָר ווי אַ מענש פון אַנ'אַנדער וועלט, „וואָס האָט געוואָלט זעהן, וואָס טהוט זיך באמת אין די קליינע שטעדטליך, אויף וואָס מען האָפט דאָרט, פון וואָס מען לעבט און וואָס מען טהוט דאָרט“.

אַוועק איז ער פון דעם שטעדטיל, ווען אַמעריקאַ איז געוועזען פון דמיון אַזוי ווייט, ווייט... „נישט איין יוד האָט זיך אַמאָל פערטראַכט, ווי אַזוי עס שטעהט דאָרט (מיט'ן קאָפּ אַראָב) אַ שיסעל גריץ, אָדער צי טראָגט מען דאָרט די יאַרמולקעס אויף די פיס“. פערלאָזען האָט ער דאָס שטעדטיל אין אַ צייט, „ווען מען האָט אַזוי זעלטען געהערט פון ארץ-ישראל-אתרוגים, פון אַ באַראָן הירש און פון „נדיב הידוע“. נאָר עס זענען געקומען שלעכטע צייטען. דער יודישער כלל האָט זיך שוין געטיילט

אויף אַ יום־טובֿדיגען, וואָס לעבט אַ גרויס־שטעדטיש קולטור־לעבען, און אַ וואָכענדיגען, וואָס ליעגט צושפּרייט אין אַ באַרבאַרישער קולטור פֿון די פּוילישע קאַבצאַנאָווקעס. פֿון דער גוי'אישקער אַנטיסעמיטישער זייט האָבען זיך געשאָטען בלבולים איבער בלבולים, און, ווי פּרץ שרייבט, „איז געבליבען ביי אונז, אַז מען דאַרף זיך בעקענען מיט'ן געוועהנליכען וואָכענדיגען יודישען לעבען, זעהן, וואָס טהוט זיך באמת אין די יודישע שטעדטליך“.

אַזוי איז צוגעגאַנגען פּרץ צום שטעדטיל. דער רייכערער געבילדעטער קרובֿ האָט זיך צוליעבֿ פֿערשיעדענע סבות בעשלאָסען צו בעזוכען אַמאָל דעם אָרט פֿון זיין אָבשטאַם. דער מענש, וואָס לעבט שוין אין אַ העכערער גייסטיגער סבֿיבֿה, האָט זיך אַראָבגעלאָזט אין אַ טישעוויץ, יאַרטשעוו, לאָשטשאָוו, א. א. וו., אום צו דערשפּירען דעם וועהטאָג פֿון אַ פֿיינער מאָראַלישער נאַטור, ווען זי זעהט מענשען פֿון אייגען בלוט אויסגעהן פֿון הונגער, שמוץ און אַלערליי שלאַפֿקייטען און צרות. דעם מענשען, וואָס פֿיהלט, אַז אין דער גרויסער שטאָדט פֿערנעהמט ער אַ בכבֿודיגען אָרט אין כלל'שען לעבען, האָט זיך פֿערוואָלט העלפֿען אַ באַרבאַרישען, פֿערווילדעטען כלל פֿון אייגענע מענשען. באַלד אָבער האָט ער זיך איבערצייגט, אַז עס פֿעהלט שוין איהם, דעם גרויס־שטעדטער, דער פּונקט פֿון אַרחימעדוס; אַז ער מעג נור וועלען, אָבער קאָנען העלפֿען קאָן ער שוין נישט. צווישען איהם און דעם שטעדטיל ליעגט שוין אַ תהום. ער קאָן נור טיעף־טיעף בעדויערן די מענשען, וואָס חושכ'ן דאָרט אָב זייער לעבען. ער האָט שוין אָבער קיין ווערטער נישט פֿאַר זיי, ער האָט שוין כמעט קיין שפּראַך נישט פֿאַר זיי, אַז זיי זאָלען איהם קאָנען פֿערשטעהן. ער פֿערשטעהט זעהר טיעף דעם גאַנצען פּלאָנטער פֿון זייער לעבען; איהם האָט מען שוין אויפֿגעהערט צו פֿערשטעהן. וואָלט ער זיין מויל נישט האָבענדיג געמאַכט מיט דעם פּשוט'ן יודיש — וואָלט דאָס שטעדטיל פֿון איהם געווייכֿט נאָך ערגער, ווי פֿון אַן אייגענעם היימישען גוי. לייענענדיג די „בילדער“, בעקומט דער לעזער דעם אייגענעם איינדרוק, ווי פֿון אַ רוסישען נאַראָדניק, אוספּענסקי, למשל, ווען

ער נעהמט אונז שילדערן דעם רוסישען היינטיגען דאָרף. דער מרחק צווישען איהם און דער געשילדערטער וועלט איז געוואַלדיג גרויס. נאָר דער שריפֿטשטעלער פֿערשטעהט די וועלט; זי איהם — שוין נישט. אַנ׳אינטעליגענטער מענש מיט אַ העכערער קולטור שטעהט פֿאַר אַ פֿינסטערע קרומע וואַנד, און דער וועהטאָג ווערט נאָך גרעסער, ווען דער מענש פֿון אַנ׳אַנדער קולטור קאָן זיך נור בענוגענען מיט׳ן פשוט׳ן טרוקענעם קאָנסטאַטירען פֿון פֿאַקטען, קאָן אָבער נישט העלפֿען, קאָן גיזוט לינדערן די צרות חאָטש אויף אַ האָהר ווערטה.

דאָס שטעדטיל ערשיינט אין דער שילדערונג פֿון פּרץ אין אַ צושטאַנד פֿון דעגענעראַציע. דאָס שטעדטיל געהט אונטער, עס פֿוילט אויף דער זון, ווי אַ גע׳פּגר׳ט פֿערד. מען טרעפֿט נישט אָן אויף דעם מאַרק־פּלאַץ קיין איין פּנים, וואָס זאָל עֵדות זאָגען פֿון אַ געזונדען גוף. עס בלאָנקען אַרום אויף די בלאָטיגע שטעגלעך דאַרע, אויסגעהונגערטע מענשען. קיינער פֿון די דערוואַקסענע ווייסען ניט, וואָס וועט מיט זיי מאָרגען זיין, ווען זיי וועלען אָבעסען היינט זייער אָרימע וועטשערע. די מענשען פֿון שטעדטיל דערנעהרען זיך מיט אַזוינע מאכלים, וואָס זענען פֿיזיאָלאָגיש נישט בכח צו געבען דעם נויטיגען חיות. די קינדער קומען אָב אַ לאַנגען חדר־טאָג מיט אַ שטיקעל ברויט און אַ שטשיפּיאַרעק דערצו; אַ פֿערצויגען קינד בעקומט פֿון דער מאַמען צוויי שטשיפּיאַריקעס צום ברויט. אַ טיעפֿען אַיינדרוק מאַכט דאָס פֿערצויגען יונגעלע פֿון דעם שטעדטיל, ווען די מאַמע איז אַוועק אויף דער אמת׳ער וועלט און דאָס עופֿה׳לע איז אַ יתום געוואָרען. פּרץ שפּאַצירט מיט איהם אין אַ לבנה־נאַכט דורכ׳ן שטעדטיל, וואו עס שטעהען מאַנכע היזלעך שטאָק־בלינד, און וואו עס ענדיגט זיך אַ טאָג מיט „אַ שטיקעל טרוקען ברויט מיט אַ דער אָהן אַ הערינג, און אפֿשר קריאת שמע — אָהן אַ וועטשערע“, און ער ציהט אַרויס פֿון יתומ׳ל אינגאַנצען צוויי בקשות צו גאָט: „פֿון טאַטען אויף דער ערד נאָך אַ שטשיפּיאַרעק און פֿון פֿאָטער אין הימעל — די לבנה זאָל גרעסער ווערען“.

אין קאַפּיטעל „דער יאַרטשיווער רבי“ האָט אונז פּרץ סימבאָ־

ליש געוויזען דעם תּוך פֿון דער דעגענעראַציע אין שטעדטיל. מיט אַ מײַסטער־פֿעדער האָט ער אונז געשילדערט אַ גײַסטיגען צושטאַנד, בעת איטליך שטיקעלע מותּרות אין לעבּען איז אַני־דערפֿאַר, וואָס מען עסט דאָ אין שטעדטיל איין מאָל אַ וואָך אומגליק. דער יאַרטשיוועד רבֿ לויבּט דעם רבּונו של עולם, פֿלייש, און דאָס אויך נור שעפּסענע; וואָס זײַן נײַ שטיבּעל האָט אָבּגעבּרענט, וואָס די מענשען פֿון שטעדטיל צולויפֿען זיך אַ גאַנצע וואָך איבּער די דערפֿער, אַז ס'איז אַפֿילו נישטאָ וועגען וואָס אַמאָל אַ שאלה צו פֿרעגען; ער דאַנקט דעם בּורא, וואָס האָט פֿערקלענערט זײַנע הכנסות און צוגענומען פֿון איהם דעם מאָנאָפּאָל אויף הייוען; ער פֿרעהט זיך, וואָס דאָס שטעדטיל איז אַזאַ שטיל, טויט אָרט, וואו עס מאַכען זיך נישט קיין סכסוכים; קורץ — ער דאַנקט גאָט, וואָס זײַן סבֿיבֿה איז אַ פֿער'חלומ'טע, אַ טויטע, וואו מען זעהט נור אַ סימן פֿון לעבּע

איין שבּת אין וואָך.

אין די אײַנגעפֿאַלענע הייזלעך מיט די צעהנדליגער קינדער פֿון ערשטען, צווייטען ווײַבּ און פֿון די ווײַבּער, וואָס זענען שוין געקומען צום צווייטען מאַן מיט קינדער פֿון ערשטען, וואו עס דרינגט אַריין פּרק'ס פֿאַרשער־אויג, זעהט מען נישט קיין איין פּונקט, אויף וואָס עס זאָל זיך קאָנען אָבּרוהען דאָס אָנגעווייטאָגטע האַרץ. און ווען פּרץ דערזעהט שוין עפּיס אַ סימן פֿון בּעל־הבּית'ישקײַט אין אַ צימער פֿון שוחט'ס הויז, איז דאָס אַ חדר „פֿון אַן'אַלמנה מיט דרײַ יתומים. אַ גאַנצע וואָך איז די דירה פֿערשלאָסען, ווײַל זי קומט אַהיים משבּת לשבּת, אויסער שבּת חזון, אַ גאַנצע וואָך איז זי אין די סבֿיבֿות און בּעטעלט

מיט אַלע דרײַ קינדער".

צוגלײַך מיט'ן יאַרטשיוועד רבֿ, איז „די סקולער רבּי'צין" אַ מײַסטער־שטיק פֿון אַ קליינעם זשאַנר־בּילד, אַ טיעפֿער סימבּאָל, וואָס ווײַזט אונז דאָס שטעדטיל אין זײַן גאַנצער טויטקײַט. סײַ דער אמת'ער רבֿ, ווי די אַמאָליגע רבּי'צין דערמאָהנען אונז אָן טויט, אָן עפּיס, וואָס איז שטיל אָהן טענות, נאָך מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען, אַוועק פֿון קאָכענדיגען לעבּען. זיי בּיידע זענען

אפֿשר די אײנציגע אַנשטאַלטען אינ'ם שטעטטיל, וואָס צעוועהטאָגען נישט דעם לעזער דאָס האַרץ. אויף בּיידענס פּנים'ער ליעגט שוין די רוהיגקייט פֿון אַ וועלט, וואָס איז נאָך נישט אונזער וועלט. די איבּעריגע פאַרשוינען אין שטעטטיל זענען אָבּער האַלבּע מתים, וואָס טאַנצען אין קאָן און מאַכֿען העויות פֿון לעבּעדיגע. און מען דאַרף שוין זײַן אַזוי טויט ווי דער רבֿ און די רבּי'צין, אום צו קאָנען דאָס פּערטראָגען מיט אַ רוהיג געמיטה. אין די קאַפּיטלען „בּטחון", ל"ו צדיקים", „דערצעהלטע מעשׂיות" ווײַזט אונז פּרץ אַנ'עדה, וואו גלויבּען איז געוואָרען צו אַבּערגלויבּענישען. ער בּעקענט אונז מיט אַ מאַסע, וואָס איז שוין אַזוי בּאַרבּאַריש, ווי די יאַקוטען, וואָס ציטערן פֿאַר זייערע שאַמאַנען. אַלס מאַסע, איז זי דורך און דורך נישט אָרגאַניזירט: „כּל ישׂראל איז נישט מײַן, כּל ישׂראל איז דעם רבּונו של עולם'ס", — זאָגט אַ יוד פֿון טישעוויץ און דערמיט דריקט ער אויס דעם שטאַנדפּונקט פֿון אַ וואָרים, וואָס ראָיעט זיך אין דער ערד איבּער די לײַבּער פֿון זײַנס־גלײַכֿען.

דאָס שטעטטיל האָט זיך זײַן משׂכּיל, זײַן מסור, זײַנע עטליכֿע משוגעים. דער משׂכּיל האָט כּמעט די אייגענע בּעדײַטונג, ווי דער מסור, און דער מסור איז אייגענטליך אויך אַ האַלבּער משוגע'נער. די אָרימע פֿינסטערע מאַסע האָט פֿאַר איטליכֿען בּעזונדער מורא.

דער משוגע'נער בּעקלאָגט זיך: „דאָס שטעטטיל איז קליין און אַ חוץ מיר זענען דאָ נאָך משוגעים. אָט האַלט שוין נאָך איינער משוגע צו ווערען. איך ווייס נור נישט, צי וועט ער קרעהען ווי איך, צי בּלאָזען אין דער פֿויסט אַרײַן ווי שליאָמטשע דעם רבֿ'ס, אָדער גאָר שווײַגען ווי חנה די טוקערין".

און אַז די משוגעת לויערט איבּער'ן שטעטטיל ווי אַ קאַץ אויף אַ מויז, זעהט מען דערפֿון, וואָס פּרץ אַליין שרײַבּט: „ווען איך טרעף נאָך אַזאַ שטעטטיל ווי טישעוויץ אין וועג, וואָלט איך אויך אָנגעהויבּען קרעהען".

דער אײַנדרוק פֿון פּרץ'ס שטעטטיל איז גאָר אַנ'אַנדערער ווי פֿון אַבּראַמאָוויטש'עס שטעטטיל. פֿיהלט מען צו יענע פֿעראַכֿטונג און רחמנות — בּעקומט מען דאָך צוגלײַך די פֿאָרשטעלונג

פֿון אַ מאַסע, וואָס לעבט מיט אַנ'אַלטער קאָמפּליצירטער קולטור. פּרץ'ס שטעדטיל צייגט אונז אַ פּערווילדעטע, אָרימע, אונוויסענ־דע מאַסע אין אַ צושטאַנד פֿון דער גסיסה. זיין בעציהונג צום שטעדטיל איז אַ טיעף פּעסימיסטישע, און אין דעם רחמנות צו זיינע בעוואוינער איז שוין נישטאָ דאָס ספּעציפֿיש יודישע רחמנות, ווי מיר זעהען דאָס ביי אַבראַמאָוויטש'ן, נאָר דער טיעפֿער מעהר אַלגעמיינער שמערץ פֿון אַ הויך־קולטורעלען מענשען, ווען ער בעגעגענט זיך מיט אַ מאַסע, וואָס איז פֿעראורטיילט געוואָרען צו אַ לאַנגזאַמען טויט, ווייל זי איז אָבגעשטאַנען פֿון דער אַל־געמיינער מענשען־ענטוויקלונג.

נישט אומזיסט האָט פּרץ זיינע בעאָבאַכטונגען געווידמעט „די, וואָס ווילען און קאָנען נישט העלפֿען". פּרץ האָט פֿער־לאָזען דאָס יודישע שטעדטיל מיט דעם געפֿיהל, ווי יענער פּראָ־פֿעסאָר, וואָס מען רופֿט איהם אַרויס צו אַ גוסס. ווי ליעב און טייער עס איז איהם אפֿשר דאָס שטעדטיל פֿון זיין יוגענד, אין זיינע עלטערע יאָהרען קאָן ער עס מעהר נישט אויסשטעהן, אויב ער וויל נישט אָנהויבען קרעהען, ווי יענער משוגע'נער.

די צוקונפֿט פֿון דעם נייען יודען איז נור אין דער גרויסער שטאָדט. דאָס שטעדטיל האַלט ביים שטאַרבען. דאָס איז פּרץ'ס שטעד־טיל.

## III

י. ל. פּרץ האָט געשריבען „בילדער פֿון דער פּראָווינץ", שלום אַש האָט שוין פֿערפֿאַסט „אַ פּאָעמאַ פֿון יודיש־פּוילישען לע־בען". אונטער דעם דאָזיגען צווייטען טיטעל האָט ער אַרויסגע־לאָזען זיין בעריהמט בוך „אַ שטעדטיל", אין יאָהר 1906.

פּרץ איז אַוועק אין שטעדטיל אַלס אַ רעאַלער מענש, אַלס אַ סטאַטיסטיקער, אַלס אַ געבילדעטער בעאָבאַכטער מיט אַ געוויסען ציעל, וואָס וויל דערגעהן, „וואָס עס טהוט זיך דאָרט באמת". ש. אַש געהט צום שטעדטיל אין די האַלב־פֿאַנטאַסטישע בגדים פֿון „אַנ'איינזאַמען וואַנדערער מיט'ן פּעקעל אויף דער פּלייצע און אַ שטעקען אין דער האַנד". נאָך איידער פּרץ איז אַריין אין שטעדטיל, האָט ער שוין כמעט געוואוסט, אַז קיין נחת

ווּעט ער פֿון איהם נישט האָבען. אַש דאַגעגען ווייסט כּמעט פֿאָרויס, אַז פֿון זײַן נסיעה אין שטעדטיל וועט ער האָבען אַ פּאָעטיש=ראָמאַנטישע הנאה. אָבער סײַ פּרץ, כּײַ אַש לאָזען זיך צום שטעדטיל אָהן תּמימות און מיט בּעשטימטע סענטימענטען, מיט דעם גײַסט פֿון אַ מענשען, וואָס האָט זיך שוין דערהײַטערט פֿון שטעדטיל אויף טויזענד מײַל.

צווישען פּרץ'ס „בּילדער“ און אַש'ס „שטעדטיל“ ליעגט אַ משך פֿון 16 יאָהר. און ווען מען בּעדענקט, דאָס 16 יאָהר אין לעבען פֿון יודישען כּלל בּעדײַט אין אונזער 20=טען יאָהרהונדערט אַ סך מעהר, ווי ענדע 18=טען און העלפֿט 19=טען יאָהרהונדערט עטליכע דורות אויף אַ מאָל, — איז לײַכט צו פֿערשטעהן, ווי עס האָט זיך געמוזט בּײַטען די בּעציהונג פֿון פּאָעטען אויף צום שטעדטיל. פֿאַר אש'ן איז שוין דאָס שטעדטיל עפּיס אַ פֿאַנטאַסטישע זאַך, אַ מין חלום, אין וועלכען עס מישען זיך אויס אַ סך לעבּעדיגע פּרטים אינאיינעם מיט אַ פֿאַנטאַסטישען הינטערגרונד. אַש'ס שטעדטיל איז אַיינגעהילט אין אַ בּלאָהען שלייער, מיט וועלכען עס צייכענט זיך אויס איטליכע ווייטקייט אין דער נאַטור. דאָס שטעדטיל שײַנט אַרויס פֿאַר אַש'ס בּליקען, ווי אַ ווײַטע, ווײַטע קינדהײַטס=ערינערונג. אין קאַפּיטעל XI „דרײַ חופּות“ שילדערט אונז דער פּאָעט אין שענע ווערטער זײַן אינעווייניגסטע בּעציהונג צו דעם שטעדטיל, איבּער וועלכען עס געוועלטיגט אַ ר' יחזקאל גאָמבּינער, אַ חסיד'ישער רבּי, אַ מתנגד'ישער רבֿ א. א. וו. און וואָס ער, דער וואַנדלער פֿערלאָזט איצט: „איינער אַליין מיט דעם פּעקעל אויף דער פּלייצע און מיט'ן שטעקען אין דער האַנד איז דער וואַנדלער (ד. ה. דער פּאָעט) געגאַנגען איבּער'ן וועג, וואָס פֿיהרט פֿאַרבּײַ דעם בּית=עולם, צווישען די הויכע ווײַס=בּעשיינטע טאָפּאָלען, וועלכע האָבען אין ליכט פֿון דער לבֿנה אויסגעזעהן, ווי ווײַסע עדות. דאָ איז אַלץ רוהיג און שטיל געוועזן, געלעבּט זײַן טויט לעבען. אַלט=קאַזמער האָט פֿון דערווײַטען פֿערנומען די נגונים פֿון די פֿידלען, די צוריסענע טענער פֿון די געזאַנגען און דאָס ווײַטע שאַלענדע עכאָ פֿון די טרומייטען און דער בּעמבּע. נאָר דאָ האָבען זיך די נגונים נישט געקריעגט, נישט איינער גע=

וואָלט דעם צווייטען גובֿר זיין. שטיל און רוהיג, ווי פֿון אַ
בעהאַלטענער וועלט, האָבען די טענער אַהער געבלאָנדזעט, און
האָבען זיך דאָ אינאיינעם אויסגעמישט, צוזאַמענגעקלונגען: יע=
דער האָט געגעבען זיין טאָן אין נגון; די חסידי'שע
פֿידעל, די בעל=הבית'ישע טרומייט, די בעל=עגלה'ישע בעמבע,
און עס איז איין נגון געוואָרען פֿון איין שטעדטיל".
איש האָט בעמיהט זיך צו חאַפּען יעדענס טאָן, וואָס געהט אַריין
אין דעם נגון, און פֿון אַלע טענער האָט ער געוואָלט צו געפֿי=
נען דעם איין=איינציגען נגון, וואָס איז אין אַלגעמיין דער
נגון פֿון שטעדטיל. זיין אויפֿגאַבע איז געווען אַ ראָמאַנטיש=עס=
טעטישע, ניט קיין רעאַלע. ווי מאַנכע רייזענדער איבער פֿרעמ=
דע שטעדט קריכען אַרויף אויף אַ הויכען באַרג, וואָס ליעגט
וויט פֿון שטאָדט, אום צו חאַפּען פֿון איהר דעם אַלגעמיינעם
פֿאַרבען=קאָליר, אַזוי האָט איש זיך דערווייטערט פֿון רעאַלען
צוריסענעם לעבען פֿון שטעדטיל, איז אָבגעטרעטען פֿון איהם
אַ מהלך וועגס. און איינזאַם אַליין אין דער פֿרייער וויטקייט
האָט ער זיך צוגעהערט צו אַן'אַלגעמיינער מעלאָדיע, וואָס
פֿליסט צוזאַמען פֿון פֿערשיעדענע אינסטרומענטען. איהם האָט
מיט אַ כיון נישט אינטערעסירט דאָס ניט=האַרמאָנישע, ער האָט
נור צונויפֿגעפּאָרט דאָס, וואָס האַרמאָנירט, און וואו נור עס
האָט זיך גענומען בילדען אַ שטיקעל קאָנפֿליקט, אַ שטיקעל צו=
ריסענקייט, האָט ער עס באַלד מיט זיין פּאָעטישער פֿאַנטאַזיע אויס=
געגלייכט. איש'ס שטעדטיל איז אַזאַ גליקליך האַרמאָניש מקום'ל,
וואָס מיר בעגעגענען דאָס נור אין עולם הדמיון, אין חלום, אָדער
ווען מיר לעבען=דורך ליעבע, זיסע קינדער=ערינערונגען.
יחזקאל גאָמבינער לעבט רוהיג און ברייט ווי אַן'אַלטער פּוי=
לישער שליאַכטשיץ. ווי פֿון אַ הייסען סאַמאָוואַר געהט פּאַרע,
אַזוי געהט פֿון איהם גדולה און עשירות, און אַליך, וואָס האָט
מיט איהם צו טהון, באָדט זיך אין אַ ליעבליכער וואַרימער שפע.
אַליין איז ער אַ מתנגד, נור זיינע איידעמס זענען שוין חסידים,
און ער אַליין חבֿר'ט זיך אויך מיט לומדים און חסידים. אין זיין
לעבען איז נישטאָ קיין שום קאָנפֿליקטען, אַפֿילו די נאַטור אַליין
זאָרגט, אַז יחזקאל גאָמבינער זאָל קיין שאָדען נישט ליידען.

די ווײַפּסעל וויל זײַנע טראַטוועס צורײַסען, נאָר די קריעס שטעלען זיך אָפּ נאָך צו דער רעכטער צײַט. כלאחר יד בּעקומט ער זײַן נײַעם איידעם פֿאַר זײַן יונגסטער טאָכטער לאה׳לע און מיט זײַן שותּף לעבּט ער בּנעימות, ווי מאַן און ווײַבּ.

אויך בּײַ לאה׳לען אַליין קומען נור פֿאָר אַזעלכע קאָנפֿליקטען, וואָס פֿערגרעסערן נאָך די זיסע, ליעבּע תּאווה צום לעבּען. לאה׳לע פֿערליעבּט זיך אין גבריאל׳ן, דעם רבּי׳ס בּחור׳ל, אָבּער דאָס פֿערליעבּעניש איז מעהר נישט אַנ׳אַנגענעהם בּענקעניש אין „זומערדיגע פֿאַרנאַכטען“. ווי בּאַלד עס קומט דער חתן, וואָס דער טאַטע האָט איהר אויסגעקליבּען, טראַכט זי שוין נישט וועגען גבריאל׳ן און אין האַרצען זינגט שוין אַ נײַע מעלאָדיע: „איך האָבּ אַ חתנ׳לע, מײַן טאַטע האָט מיר געבּראַכט אַחתנ׳לע, וואָס איז אינגאַנצען מײַנער“. אַזוי טאַנצט דאָס הערציל פֿון אַ קינד, ווען עס בּעקומט אַ ליאַלקע.

קומט אין שטעדטיל אָן אַ חסיד׳ישער רבּי און וואַרפֿט אַראָבּ פֿון זײַן גדולה דעם אַלטען רבֿ, וואָס איז בּעשריבּען מיט די לעגענדאַרסטע שטריכען, ווערט חלילה נישט אין שטעדטיל קיין איבּערקעהרעניש. נאָך אַ קליינעם קינדערשען קאָנפֿליקט זאָגט זיך אָבּ דער רבֿ צוליעבּ דעם רבּי׳ן פֿון סנדקאות און געהט צוזאַמען מיט אַלע יודען מקבּל פּנים זײַן דעם נײַעם רבֿ. אומעטום, וואו עס בּילדעט זיך נור אויף אַ רגע אַ קאָנפֿליקט, קומט אַש׳ס ווייכע קינדער־האַנד און פֿערגלעט דאָס. און מיט אַ קינדערש ענטציקט לאַכענדיגע אויג שילדערט ער אונז אַליך, וואָס בּריינגט אַרײַן אַחדות, וואָס בּעהעפֿט, פֿעראייניגט, שמעלצט צוזאַמען. חאַראַקטעריסטיש איז די שטעל, וואו ער שילדערט אונז דאָס בּילד פֿון רבּינ׳ס קבּלת פּנים אויפֿ׳ן פֿעלד.

„חסידים האָבּען זיך צוזאַמענבּעהאָפֿטען, איינער צום צווייטען, איינער האָט אַרויפֿגעלעגט די האַנד אויפֿ׳ן צווייטענס אַקסעל, בּײַ די הענד זיך גענומען, בּעהאָפֿטען זיך און זענען געוואָרען אַנ׳עדה אין דער עדה. זיי האָבּען קיין חלוק נישט געמאַכט, צי „משלנו“ אָדער נישט „משלנו“. ווער עס האָט געוואָלט, האָט זיך בּײַ אַ גאַרטעל אָנגענומען, בּײַ די הענד זיך אָנגענומען און האָט זיך צוזאַמענגעהאָפֿטען. קינדער זענען געקומען צולויפֿען,

פֿערפֿלאָנטעוועט זיך צווישען די פֿיס, בײַ די פֿאָטערס גאַרטלען זיך געהאַפּט, בײַ די פֿאָטערס קאַפּאָטעס, און נאָכגעשלעפּט זיך. און די עדה איז געוואָרען וואָס אַמאָל גרעסער און גרעסער; פֿון אַלע עקען האָבען זיך יודען צוזאַמענגענומען, בעהאָפּטען זיך און אָנגעהויבען צו זינגען, הויך מיט אַ קול: ברוב עם הדרת מלך".

אין דער שילדערונג פֿיהלט זיך די קערפּערליכע הנאה פֿון אַ קינד, וואָס האָט ליעב זיך איינגער צו־צוטוליען צו דער מאַמעס שוים; דאָס איז נישט דאָס אַחדות־געפֿיהל, וואָס פֿעראייניגט צווישען זיך ערנסטע גײַסטער, נאָר דאָס האַלב־עראָטישע, האַלב־קינדיש־שטיפֿערישע און קינדיש־ערוואַכטע געפֿיהל, וואָס פֿער־אייניגט הענד מיט גאַרטלען, אָרעמס מיט אַקסלען, לאַנגע קאַ־פּאָטעס מיט קינדערשע הענדטלעך, וואָס האַלטען זיך בײַ דעם טאַטענס פּאָלעס.

אַש'ס שטעדטיל איז אַ שטעטדטיל פֿון קינדער מיט בערד און פּאות. און ווען מיר, דערוואַקסענע, לייענען דאָס, האָבען מיר דעם אייגענעם אײַנדרוק, ווי מען וואָלט אונז דערצעהלען אַ מעשׂה פֿון אונזערע יונגע פּלימעניקעס, וואָס ליגען נאָך אין די וויעגען אָדער וואָס בויען פֿון קלעצלעך שולען און פּאַ־לאַצען. די גאַנצע צײַט געהט ניט אַראָב דאָס שמייכלען פֿון אונזערע ליפּען. „יצחק יודעל", אָדער דער „ווײַבערשער יודעל", לאה'לע, צי איהר חתנ'דעל, דער רבֿ, אָדער ר' יחזקאל'ס יונג נאָטע, די לאָוויטשער רבי'צין, אָדער יענטע די קעכין — אַלע מאַכען אויף אונז אַ לאַכענדיגען, נאַאיוו־קאָמישען אײַנדריק, ווי קליינע קינדער. אַפֿילו די שׂרפֿה אין שטעדטיל מיט דער מאַ־מען, וואָס זוכט איהר קינד, וואָס איז זיך אַוועק באָדען, רופֿט נישט אַרויס בײַ אונז קיין אַנדער געפֿיהל, ווי אַ לאַכענדיגעס, נאַאיוו־קאָמישעס. נאָכמעהר. גדליה יודעל'ס, „דער יוד אַ סו־חאָטניק פֿון טאַטען און זיידען, הויך ווי אַ יוד און שמאָל ווי אַ יונגעל", וואָס שפּאַצירט אַרום „ווי דער טויט אַליין" און צווינגט אַ ווײַלע זיך צו דערמאָהנען אָן דעם מלאך המות, וואָס לויערט הינטער'ן מענשען, — מאַכט אויך סוף כל סוף אַ מילדען איינ־דרוק. דער שאָטען פֿון טויט, וואָס האָט זיך אַריבערגעטראָגען

איבער'ן קינדערשען שטעדטיל, פֿערגרעסערט נאָך די תּשוקה זיך צו בעהעפֿטען גאַרטעל בײַ גאַרטעל און שטאַרקט דעם חסידיִיש־קינדערשען ־ ברען.

נור אײן שטעל אין „שטעדטיל" צושטערט די קינדערשע איִדיליע. אין קאַפּיטעל „נאָך יום טוב" געפֿינען מיר װערטער, װאָס פּאַסען גיכער פֿאַר פּרץ'ן, װי פֿאַר אַש'ן, װאָס האָט אונז בעשאַפֿען אַ קינדערשען גן־עדן אין פֿאָרם פֿון אַ קלײן שטעדטיל, װאו עס הערט זיך נישט די גאַנצע צײט די שטים פֿון נויט און עלענד. באַלד נאָך יום־טוב „איז מען אין מאַרק געקומען מיט די שטעקעלעך, מוכן ומזומן אַ גראָשען געלד צו פֿערדיענען... יודען דרעהען זיך אַרום, קוקען־אױס אַ פֿוהר װי אױף משיח'ן. אײנער איז אױפֿ'ן צװײטען ברוגז, פֿון דערװײַטען, פֿאַר גאָרנישט אין דער װעלט... אױף דער שװעל פֿון ר' ליבוש עפּשטײנ'ס געװעלבעל שטעהען מעקלער, פֿריהרען אין די חאַלאַטלעך און מאַכען דאָס געלעכטער פֿון זיך אַלײן, זאָגען גלײַכװערטליך, עס הײסט, װי זײ האָבען שױן גאָרנישט װאָס צו טהון. דער „בעל יכול" קױפֿט אַ רעטעך אין גאַס בײַ די שטעלען צום מיטאָג. יודען קוקען איהם נאָך און קרעכצען, טײַטען אױף איהם מיט די פֿינגער, אַלע קלערען איצט אײן געדאַנק: נור ער אַלײן װעט הײַנט מיטאָג עסען"...

חוץ דער דאָזיגער שטעל, װאָס איז די אײנציגע, װאָס גיט װי מיט אַ בליץ אַ לײַכט אױף אַש'ס אידיליע און צושטערט איהר כמעט, איז אַש'ס שטעדטיל אַ שענער, ליעבער חלום פֿון אַ קינדערש געמיטה, װאו דאָס לעבען ציהט זיך װי אַ קלאָר־װײַסער װאָלקען איבער אַ מילדען בלאָהען הימעל.

אַזאַ חלום האָט אָבער געקאָנט צײַטיג װערען אין קאָפּ פֿון פּאָעט נור דאַן, װען דאָס שטעטיל, אַלס רעאַלע לעבעדיגע נאָהנטע מאַכט, האָט שױן אױפֿגעהערט צו זײַן אַ דבר שבממש. דען אױך אין דעם גליקליכסטען רוהיגסטען חלום בײַ דער נאַכט שפּיגלען זיך נישט װילענדיג אָב די רעאַלע טרױעריגע נישט־האַרמאָנישע פּרטים פֿון בײַ־טאָג. אױך אין אַש'ס חלום געפֿינען מיר עטליכע אַזױנע פּרטים, אָבער זײ זענען אַזױ װעניג,

דאָס דער חלום פֿערליערט נור וועניג פֿון זיין ליעבער, ריינער פּאָעזיע.
ווייטע ערינערונגען פֿערוואַנדלען זיך ביי אונז אין פּאָעזיע, און די פּאָעזיע פֿון שלום אַש איז דער גרויסער בעווייז, זוי ווייט דאָס שטעדטיל איז שוין געוואָרען ביי אונז אַ ווייטע, ווייטע ערי־נערונג.

IV

א. מ. ווייסענבערג'ס „שטעדטיל“, וואָס איז ערשינען קוים אַ יאָהר שפּעטער ווי שלום אַש'ס, מאָלט אַ בילד פֿון אַ יודישער עדה אין אַ קליינעם פּוילישען מקום, ווען עס הויבען אָן איינ־צודרינגען ביי איהם ניי־מאָדנע אידעען מיט נייע פֿאָרשטעלונ־גען פֿון גערעכטיגקייט און יושר. חוץ איינינע נישט־וויכטיגע פּרטים, איז דאָס שטעדטיל שוין וועניג עהנליך צו אַלע די דאָ־זיגע שטעדטליך, וואָס מיר געפֿינען אין דער שענער יודישער ליטעראַטור. עס אונטערשיידט זיך פֿון פּרץ'ס שטעדטיל־מאָ־לעריי דאַדורך, וואָס די בילדער פֿון דחקות און נויט פֿערנעה־מען ביי ווייסענבערג'ן שוין כמעט קיין אָרט נישט. עס פֿעהלט אויך דעם שטעדטיל דאָס רוהיגע אידילישע פֿון אַש'ס אַלט־קאָזמער. אַלע די זיילען, אויף וועלכע עס בויט זיך אויף די גייסטיגקייט פֿון אַ יודיש קאַבצאַנאָווקע, ווי, למשל, דער בית־מדרש, דער רב, דער רבי, דער מגיד, דער חזן, די לומדים, חסידים א. ד. גל., פֿערנעהמען שוין נישט קיין פּלאַץ אין דער שילדערונג. אויך עקאָנאָמיש איז זי שוין נישט פֿערבונדען מיט'ן מאַרק, וואו אַ מנין יודען רייסען זיך ביים וואָגען פֿון פּויער'ס פּראָדוקטען און קומען־אָב אַ לאַנגען זומער־טאָג מיט אַ פּויער־גראָשענדיגען רעטעך. ווייסענבערג'ס שטעדטיל אַרבייט אַ גאַנץ יאָהר פֿאַר אַ גרויסען צענטר. האָטש עס איז איצט פֿאַר פסח, „נאָר שוסטער, בפֿרט היגע שוסטער, וואָס אַרבייטען שטיוועל פֿאַר די גרויסע שטעדט, — זיי איז אַלץ איינס. זיי זענען היינט נישט ברודיג מעהר ווי אַ גאַנץ יאָהר“. דער פֿאַר־פּסח שפּיעלט שוין פֿאַר זיי נישט די ראָליע, וואָס פֿאַר אַנדערע בעלי־מלאכות, וואָס

ציהען זייער חיונה פֿון שטעדטיל. די יודישע יום־טובֿים שײַ־
דען זיך שוין נישט אַרײַן אין זייער לײַב, ווי בײַ דעם פֿאַרצײַ־
טיגען קליין־שטעדטילשען יודען. זייערע עקאָנאָמישע לעבענס־
בעדינגונגען זענען שוין פֿיעל אַבסטראַקטער און דער „היגער
שוסטער“ איז שוין איינגער צוזאַמענגעקניפּט מיט די מערק פֿון
די גרויסע צענטרען, וועלכע ער האָט בפֿועל ממש אפֿשר קיינ־
מאָל אין די אויגען נישט אָנגעזעהן, איידער מיט דעם אייגענעם
מאַרק, וואָס שטעהט אין מיטען שטעדטיל אַ טריט ווײַט פֿון
שוסטערשען הרייפֿוס. „יעקעל בריסקער און נחום האָמלער, וואָס
וועלען קומען באַלד נאָך פּסח אין שטעדטיל אַרײַן און מאַכען
אַ „רוים“, אַז דער רוח זאָל עס חאַפּען!“ — פֿערנעהמען מעהר
די פֿאַנטאַזיע פֿון די אַרבײַטער, ווי די דרשה פֿון רבֿ שבת־
הגדול אין בית־מדרש.

נאָר הויך נחום האָמלער און יעקעל בריסקער וואַרטען ערבֿ פּסח
חבֿרה יונגוואַרג אויף זייערע חבֿרים, די „וואַרשויער געסט“, וואָס
וועלען אָנקומען אויף פּסח „מיט שײַנענדיגע בּנימ׳ער, מיט פֿאַ־
צעטישע היטלעך אויף די קעפּ, געפּרעסטע קעלנערלעך, היטע
אָבגעשטיסענע בעקלעך פֿון הינט, מיט אויגלעך, וואָס קוקען פֿון
אונטער די דאַשעקלעך גאָר ממזר׳יש“. דער יונגער דור שטעהט
שוין אונטער דער השפּעה פֿון צוויי אַבסטראַקטע כּחות, פֿון
דעם גרויסען מאַרק און דער גרויסער שטאָדט. די פֿאַצעטישע
היטעלעך און די געפּרעסטע קעלנערלעך פֿער׳מאוס׳ן שוין אין
זײַנע אויגען די פֿאַרצײַטיגע שיך און זאָקען און געקרײַזעלטע פּאות׳־
לעך. די העלדען פֿון שטעדטיל זענען שוין נישט די שענע בעלי־
הבתים, וואָס פֿערנעהמען אין באָד און אין שוהל די מזרח־וואַנד,
נאָר די יונגוואַרג צוערשט, מיט אַ יעקעל סטאָליער אָן דער
שפּיץ און דערנאָך מיט אַנ׳איטשעלע קאַמאַשען־מאַכער. די אַל־
טע בושה און דער אַלטער הדר־אָרון פֿאַר די פֿאַרצײַטיגע יו־
דישע היילינגטימער איז צוקראָכען, ווי שוים אויף וואַסער. בשעת
דער שמש איז מכריז דעם עולם, אַז דער רבֿ האָט געאָסר׳ט
מעהל פֿון אַנדערע שטעדט, בעווײַזט זיך שוין אויף דער בימה
יעקעל סטאָליער און איז אויך מכריז: „רבותי... מען טאָר נישט,
מען בעשטעהט נישט... אָרימע אַרבײַטערס געלד... מען מעג

בריינגען מעהל — נישטאָ קיין מאָנאָפּאָל". און שפּעטער, ווען אין שטעדטיל זענען איינגעדרונגען די אידעען פון אַנ'איינגענער סאָציאַלער מאַכט און אַ נייער סאָציאַלער גערעכטיגקייט, ווען צו די אַלטע ליעדלעך איז צוגעקומען דאָס ליעד:

„ברידער און שוועסטער פון אַרבייט און נויט,
די אַלע, וואָס זענען צוזייהט און צושפּרייט"... —

שטעהט שוין יעקעל סטאָליער „מיט'ן פּנים אין שויב און קוקט, ווי יודען געהען פון שוהל מיט די טליתים אונטער די אָרעמס, און קוקט אַרוים מיט אַ שטילער, ליכטיגער האָפנונג אין די אויגען און אויף די ליפּען שוועבט אַנ'אויסגעלייטערטער שמייכעל: וואַרט, וואַרט, אַלטע נאַראָנים!"

דער בעגריף פון אַ „יודיש וואָרט" האָט זיך שוין לגמרי פערענדערט. „פּאַר־נאַכט, מען לעגט אַוועק די אַרבייט, לאָזט מען זיך אין גאַס אַריין... מען בעגעגענט זיך מיט יודען, וואָס שטעהען אויפ'ן שוהל־הויף... און וואַרטען אויף אַ שטערן... קוקט מען זיך איבער מיט זיי און געהט ווייטער... מען שפּאַצירט פּאָרלעבווייז... מען חאַפּט זיך אַריין צו מאָטעלען אין טהיי־הויז הערען אַ יודיש וואָרט... ווער שמועסט אַ ליעדעל— איז אַודאי גוט".

און דאָס „יודישע וואָרט" איז שוין נישט די דרשה פון אַ מגיד, נאָר די האַלב־קלאָרע רייד פון יעקעל סטאָליער, אָדער פון אַ וואַרשויער פּ. פּ. ס.'אָווניק.

און וויסענבערג'ס שטעדטיל, וועלכעס איז נאָך געמאָלט געוואָרען אין אַזאַ מאָמענט, ווען עס איז אַדורך די יודישע אַרבייטער־קעפּ דער בליק פון אַ הויכען סאָציאַלען געדאַנק און איבער די הערצער איז אַריבער אַ וואַרימער שטראָם פון אַ העכערער גערעכטיגקייט און אַ טיעפען יושר, — איז שוין דאָס שטעדטיל געטיילט אין צוויי פיינדליכע לאַגערן, די אויבערהאַנד בעקומט אויף אַ רגע די יונגוואַרג און דריקט־אויס אינסטינקטיוו דעם טיעף בעהאַלטענעם רצון פון האַרצען און די האַלב־קלאָרע בעגריפען פון אַ נייעם מענשליכען לעבען, וואָס וויל נישט וויסען פון אַ צופּאַלענעם, נאַרישען יודישען קיום. אַודאי, ליעגען נאָך זייערע גייסטער איינגעהילט אין די אייגנע מלבושים פון אַ קליין־

שטעדטילשען לעבען, אָבער דאָס, וואָס שײַנט אַדורך די מלבושים, האָט שוין אַ שוואַכען ספעציפישען יודישען כאַראַקטער. ווי נאַאיװ, קאָמיש און לאַכענדיג עס זענען נישט די יעקעל סטאָליערס און די איטשעלעך, אָבער זייער גאַנצער מהות איז שוין אָבגעריסען פון די אַלט־קליין־שטעדטילשע אידעאַלען און פאָרשטעלונגען, און דערנעהנטערט זיי מיט טויזענד פּרטים צו דעם גרויס־שטעדטישען יונגען דור, וואָס נעהמט זיך אַליין אַריינברייננגען אַ סדר אין דאָס פינסטערע לעבען אַרום.

די צוויי הויפּט־טיפּען, יעקעל סטאָליער און איטשעלע קאַמאַשען־מאַכער, אונטערשיידען זיך נור אין אָנפאַנג דורך זייער בעהאוספּטזיניגקײַט. דער אייגענער איטשעלע, וואָס איז ביים אָנפאַנג ערצעהלונג געווען נאָך קינדיש, לײַכטזיניג און נישט פערשטאַנען אַזוי ווי יעקעל זײַן ראָליע — ענטוויקעלט זיך אין לויף פון די געשעהענישען, וואָס זענען אַריבער איבער זײַן געמיטה, אין ווען סוף ספור המעשה פערשיקט מען איהם אינאיינעם מיט יעקלען קײַן סיביר, שטעהט ער שוין פאַר אונז אַלס אַ בעוואוסטזיניגער טיפּ פון נײַעם יונגען דור.

הייסענבערג האָט אויסגעהאָפטען זײַן שטעדטיל־בילד מיט די פּעדים פון דעם בונדיזם, וואָס דרינגט אַרײַן אין אַ שטעדטיל. נאָר דער בונדיזם איז נור דאָס נאַטירליך־קינסטליכע מיטעל, אום בולט'ער אויסצודריקען די צוטיילונג פון שטעדטיל אין אַ פּאַרצײַטיגען און אַ הײַנטיגען, וואָס פערליערט זײַן ספּעציעל־יודישען חאַראַקטער. יעדע נײַע אידעע, וואָס האָט פערחאַפּט דעם לעצטען דור, האָט בולט אַרויסגעוויזען, וואָס פאַר אַ תהום עס ליעגט צווישען דעם הײַנטיגען יודען און דער אַלטער יודישער קולטור. די סצענע, וואו עס שילדערט זיך, ווי יעקעל סטאָליער האָט פערלאַנגט נאָך די פּאָגראָמען, אַז יודען זאָלען בילדען אַ זעלבסט־שוץ אין שטעדטיל, בעלייכט, ווי מיט בענגאַלישע פײַערווערק, דעם געוואַלדיגען חלוק צווישען יונג און אַלט.

— „וואָס איז דאָס פאַר אַ תהילים? — האָט ער אַ געשריי געטהון און אַ פּאַטש אין שולחן אַרײַן — הײַנט איז נישט קײַן צײַט פון תהילים, נאָר פון קעמפּפען מיט „בראָן"!"

— „געוואַלד, „בראָן", — האָט זיך דער רבֿ אָן וואָרט אָנגע־חאַפּט, — נישטאָ קיין בראָן! תּהילים איז דאָ! תּהילים!"

— „נישט קיין תּהילים, נאָר בראָן, — שרייט יעקעל סטאָליער נאָך העכער, — און טאַקע בראָן, רעוואָלווערן, פּיסטאָלע־טען!"

עס ווערט אַ מלחמה אין בית־מדרש: „בראָן", „תּהילים", שרייט מען פֿון אַלע זייטען, און ערשט דעמאָלט, ווען איינער פֿון דער „חבֿרה" האָט אַ ווייז געטהון אַ רעוואָלווער, האָבען זיך די אַלטע מיט שרעק אָבגעטראָגען פֿון דעם יונגוואַרג.

אודאי, זענען ביידע טיילען לעכערליך, שטאַרק קאָמיש און נישט גערעכט, אָבער דאָ האַנדעלט זיך נישט וועגען דעם. די טהאַט־זאַך בלייבט אָבער פֿעסט בעשטעהן, אַז די יונגע האָבען בעסער בענומען און פֿערשטאַנען זייער אויפֿגאַבע, ווי די אַלטע יודיש־קייט. וויכטיג איז דאָס, וואָס די יונגע האָבען אין גיכען פֿערשטאַ־נען, אין וואָס עס בעשטעהט זייער נאַרישקייט און נישט־גע־רעכטיגקייט, בעת די אַלטע יודישקייט איז געבליעבען נאָך אַלע נסיונות אַזוי בלינד, ווי פֿריהער.

פֿאַר אונזערע אויגען האָבען זיך פֿאַרבייגעטראָגען דריי שטעדטליך. אַלע ווייזען אונז אַ נייע בעציהונג צום שטעדטיל, פֿון וועלכען דאָס היינטיגע מאָדערנע יודענטום טראָגט זיך אָב, ווי פֿון וויי־רעך. ביי פּרץ'ן זעהען מיר די פֿאָלשטענדיגע דעגענעראַציע פֿון שטעדטיל, און אַוואו עס זעהט זיך נישט אַפֿילו אַ סימן פֿון אַ קאָנפֿליקט צווישען אַלט און יונג. ביי אַש'ן זעהען מיר אַן אידיליע, וואו אַלין פֿליסט מיט דער רוהיגקייט פֿון די לייכטע בע־גולטע וואָלקענדלעך אויף אַ קלאָרען הימעל אין אַ זומערדיגען פֿאַר־נאַכט. מיר זעהען עפּיס אַזוינס, וואָס איז גאָרנישט בנמצא און מאָלט זיך אין דער פֿאַנטאַזיע פֿון אַ צאַרטען, ראָמאַנטישען קינדער־האַרץ. די יודישקייט איז אין אַש'ס שטעדטיל גאַנץ, ווי אַ נוס, וואָס איז אָקאָרשט אַראָבגעפֿאַלען פֿון ביים. מיט אַ יחזקאל גאָמבינער וואַקסט אַ גאַנצער דור איידעמס און אייניקלעך, וואָס וועלען די אידיליע נישט צושטערען. אויף דעם האַרטען, טרו־קענעם גרונד פֿון אַ שטעדטיל, וואָס איז חרובֿ געוואָרען, האָט

אַש אונז געשטעלט אַ שעָנע מצבֿה, זײַן חלום, דעם חלום פֿון אַ פּאָעט.

ווייסענבערג'ס שטעדטיל דאַגעגען ווייזט אונז נישט=ווילענדיגערהייד, אַז אויב אין שטעדטיל איז נאָך מעגליך וואָס ס'איז פֿאַר אַ לעבען, איז דאָס לעבען אין פּרינציפּ שוין גאָר אַנ'אַנדערס און עס איז נור מעגליך דאַן, ווען עס איז עקאָנאָמיש און גײַסטיג פֿערבונדען מיט דער גרויסער שטאָדט, מיט איהרע געדאַנקען און תאוות, אידעען און אידעאַלען. נאָר אין ווײַסענבערג'ס שטעדטיל געפֿינען מיר אַ קאָנפֿליקט צווישען יונג און אַלט (ווײַל עס איז דאָס איינציגע שטעדטיל פֿון די דרײַ, וואו עס איז פֿאַרהאַן לעבען), אָבער דער קאָנפֿליקט איז פֿון דעם סאָרט, וואָס פֿיהרט מיט דער נויטווענדיגקײַט פֿון אַ געזעץ, אַז אַלץ, וואָס איז יונג, שטאַרק און קרעפֿטיג, זאָל אַוועקגעהן אין די גרויסע שטעדט, וועלכע איז איהם שוין לאַנג אַזוי עקאָנאָמיש און גײַסטיג נאָהנט.

אין צענטר פֿון אונזער קומענדיגער יודישער ליטעראַטור, וועט מן הסתם, דאָס שטעדטיל שוין נישט פֿערנעהמען דעם גרויסען פּלאַץ, וואָס אַמאָל.

# שלום יעקב אבראמאוויטש.

## (מענדעלי מוכר ספרים).

(צום פופציג־יאָהריגען יובילייאום).

### I.

פופציג יאָהר זענען אַוועק זינט ש. י. אַבראַמאָוויטש האָט אָנגעהויבען צו שרייבען. ווי ביי אַלע ליטעראַטען, האָבען זיך אין זיין אויג און גייסט שאַרפער פֿאַר אַלץ אָבגעשפּיגעלט די אַיינדריקע פֿון זיין פריהער קינדהייט, און לעזען טהוען איהם מענשען, וואָס זענען שוין טיעף אַריינגעוואַקסען אין צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט. ביי די ברע־גען פון אַבראַמאָוויטש'עס ווערק רייבען זיך אייגענטליך פֿיער דורות: דער עלטער־זיידע פון די ניקאָלאַיעווסקע צייטען און דער אור־איינִיקעל, וואָס האָט שוין דורכגעמאַכט אויף זיינע פּלייצעס די בהלה־צייט פון אַ רוסישער רעוואָלוציע. און צווישען דעם אונטערטאַן פון ניקאָלאַי דעם ערשטען און דעם אור־איינִיקעל ליעגט אַיינגעשפּאַרט עפּיס אַ פּער־זעהניש — די השכּלה־עפּאָכע — מיט איהרע מענדעלסאָנ'לעך און איהרע פּעטערבורגער חבֿרות. אַדאי, האָבען די פֿיער דורות אַנ'אינווי־ניגסטען צוזאַמענהאַנג צווישען זיך. אָבער שלום יעקב אַבראַמאָוויטש האָט זיך ניט אָבגעגעבען דערמיט אונז צוזאַמענצוקניפּען די דורות. בולט'ער פאַר אַלץ טרעט אַרויס פֿאַר אונז אין זיינע ווערק דער עלטער־זיידע, שאַרפער ווי די שפּעטערדיגע שילדערונגען שילדערט ער אונז, דער זיידע ר' מענדעלי, די סבֿיבֿה און דעם גייסט פון דער צייט, ווען זיינע טאַטעס און פעטערס האָבען נאָך געטראָטען אויף די קאַבצאַנסקער נהלאות. ריין אָביעקטיוו גענומען, זעהען מיר ביי ר' מענדעלי'ן נישט קיין איבערגאַנג פון אַמאָל צום היינט. פֿערטיע־ענדיג זיך אין זיין וועלט. פֿערליערען מיר דעם הויש פֿאַר דער

הינטיגער יודישער גאַס. זוען מיר קלאַפּען־צו זיינען אַ „ספּיר המעשׂה“, דוכט זיך אונז, אַז מיר האָבען עפּיס דורכגעלעבט אַ חלום, וואָס האָט גאָר קיין שייכות נישט צו דעם איצטיגען קאָכענדיגען טאָג.

דער מענשליכער גייסט, וואָס בעזיצט דעם געטליכען כח זיך דורכ־צופאָהרען אין איין רגע איבער געשטאָרבענע פאַרצייטיגע וועלטען און דורות, — וואָס איז געבענשט מיט דער גאָב „להזכיר נשכחות“ און צו פערגלייכען דאָס אַלטע טויטע אַ מאָל מיט דעם וואַרימען לעבעדיגען היינט — ווערט נשתומם און צוטומעלט, ווען ער פאָהרט זיך דורך פון דעם היינטיגען דור צו דער צייט פון אַ „ר' שלמה בן חיים“, בעת יודען האָבען בתמימות געגלויבט, אַז משה מאָנטעפיאָרע איז געקו־מען אָבקויפען ביי ניקאָלאַי דעם קיסר זיינע רוסישע יודעלעך. עס דוכט זיך אויס, אַז עס איז גאָר נישטאָ קיין שום קרובה'שאַפט צווי־שען דער היינטיגער יודישער וועלט מיט איהרע עמיגראַנטען, עקס־טערנעס, דאַנטיסטען, חדרים־מתוקנים, מלמדים עברית־בעברית, הענד־לער מיט לעבעדיגער סחורה, גרענעץ־אַגענטען, מיט איהרע ציוניסטען, טעריטאָריאַליסטען, פועלי־ציון; מיט איהרע צייטונגען, מוזיקאַלישע חברות, קולטור־קאָנגרעסען, צוזאַמענפאָהרען; מיט איהרע האַנדווערק־שולען, פּרוב־קאָלאָניעס און אָווענד־קורסען; מיט די צאָהן־דאָק־טאָרקעס, בערנער קורסיסטקעס און פּאַריזער כלה־מיידלעך; מיט איהרע ליטעראַטען, בונדיסטען, צושויבערטע דעקאַדענטען — און מיט דער וועלט פון אַ ר' מענדעלי, וואָס איז בעשטאַנען פון „אַ האַפּער, אַ מגיד, אַ מוסר; פון אַ שמש, אַ קהל'שען שרייבער, אַ סבאָרשטשיק, אַ דעפּוטאַט, אַ בעל־עצה, אַ בעל־טובה; פון בעהעלפערס, מלמדים, שדכנים, בדחנים, בטלנים, גבאים, משולחים און ישיבה־בחורים, פּרושים, לומדים, זיידענע מענשען, שענע יודען, טאַטענס קינדער, תהלים־זאָגער, משניות־לערנער, בעלי תפלות, שופר־בלאָזער, הריידלעך־מאַכער, פּורים־שפּיעלער, מצה־רעדלער ביז די דינים, שוחטים, מנקרים, משגיחים, טוקערינס, קניישלעך־לעגערקעס, פעלד־מעסטערינס א. א. וו.“

ווען מיר קוקען זיך איין אויף דער יודישער גאַס, וואָס עס ווייזט דער אַשמדאַי דעם צוטראָגענעם ישׂראליק'ן אין ר' מענדעלי'ס „קליאַ־טשע“, ווען מיר זעהען שווינדלען און גריבלען אויף דער גאַס: „פּאה'־קעלעך, גערגעלעך, מערידענעלעך, שיך־און־זעקעלעך, פּיאַטקעלעך, פּאַ־

טשײַלקעלעך, פּושקעלעך, קעסטעלעך, קאַלעפּעלעך, ישרי ערלעך, גראַגערלעך, גלות=ליכטלעך, קאָרפּירעך אתרוגים׳לעך און כּפּרה=הינדלעך״ — און מיר קערן זיך צוריק פון דעם עולם=התהו צו דער היינטיגער יודישער גאַס מיט איהר אייניגער=מאַסען אויסעוויינינסטער צילטיגקייט און אייראָפּעאישקייט — דוכט זיך אויס, אַז די צייט האָט שוין לאַנג אָבגעוואַשען דעם זכר פון אַבראַמאָוויטש׳עס וועלט; אויף דעם אַלטען בית=עלמין האָבען זי שוין ווערים צוגעסען און איבער איהרע צופוילטע גליעדער האָט אויפגעשפּראָצט נאָר אַ נייע לעבען, גאָר אַ ניי=מאָדנער שטייגער פון אַ יוד און פון אַ יודישער גאַס.

און ווייטער דוכט זיך אויס, אַז נישט נור אויסערליך האָט זיך געביטען די יודישע גאַס, נאָר אויך אינערליך. צו אַבראַמאָוויטש׳עס צייטען, ווען אַ יוד האָט זיך גענומען צו השׂכּלה, איז צוערשט געבאָרען געוואָרען ביי איהם אין האַרצען אַ פעראַכטונג צום יודען אַלס יודען, און צו דער יודישער סביבה. „איך וועל בלייבען אַ יוד און נישט קיין מענש״ — האָט זיך געשראָקען ישׂראליק, בעת ער האָט זיך בעשלאָסען נעהמען זיך צו די ביכלעך — „איך וועל בלייבען אַ רעטעניש, עפּיס אַ פּאַניע, וואָס קעהרט אויס, ריינגיט אומעטום אויס, און בעהאַלט זיך אַליין אין מיסט, ערגיץ אין אַ ווינקעל. דאָס מיינט מען אַ בעזים! עפּיס אַ פּאַניע, וואָס דרעהט זיך אַרום דאָ און איז פּאָרט נישט דאָ אויף דעם עולם, וואָס איז פלייש און בלוט און זי האַלט זיך פּאָרט איטליכען אויס, עפּיס איז זי גאָרנישט״! (קליאַטשע״ קאַפּ. 1). אַרבייטען אין פּאָלק, פאַר׳ן פאָלק הייסט זיין אַ „פּאַניע״, וואָס קעהרט אומעטום אויס און בעהאַלט זיך אַליין אין מיסט״. די השׂגות „מענש״ און „יוד״ זענען געווען אַזוי וויט איינער פון אַנדערן, אַז מען האָט זיך גאָרנישט געקאָנט פאָרשטעלען זיי צו פעראייניגען. איצט אָבער, ווען מיר האָבען זיך דערקענט, אַלס איינצעלנע טראָפּענס פון איין יודישען קוואַל, קומט אונז אויס משונה׳דיג די פאָרשטעלונג נ י ש ט צו וועלען זיין די „פּאַניע, וואָס קעהרט אומעטום אויס און בעהאַלט זיך אַליין אין איהר אייגענעם מיסט״. גראָד דאָס, וואָס אין דער צייט פון דער השׂכּלה=עפּאָכע האָט אויסגעזעהן אין די די אויגען ווי מיסט (מיר מיינען די יודישע סביבה) — האָט בעקומען היינט ביים יודען אַ בעזונדער אָנציהונגס=קראַפט. דער היינטיגער יוד זוכט גראָד „דעם ווינקעל״, וואו ער זאָל זיך קאָנען בעהאַלטען,

ד. ה., וואו ער זאָל זיך קאָנען פיהלען ווי ביי זיך, ווי אין דער־היים. ווייטער איז מען נאָך צו יענער צייט נישט דערגאַנגען צו דער השגה פון זעלבסט־שטענדיגקייט. דער יוד, דער פיהלענדער און דענקענדער יוד האָט העכסטענס געפאָדערט גערעכטיגקייט פון זיינע בעלי־בתים צו איהם. אָבער קיינמאָל איז איהם נישט איינגעפאַלען צו וועקען אין זיך אַ רצון אומצואַנדערשען זיינע כלל'ישע געפיהלען בנוגע צו דער צוקונפט פון אייגענעם פאָלק. אין די מענדעלי'ס „קליאַטשע" געפינען מיר אַ ביטער סאַטיריש פערהעלטניש „צו די נייע מאָדנע יודישע נאַרען", וואָס האָבען אין דער בילדונג געפונען דאָס מיטעל, ווי צו מאַכען פון דער „קליאַטשע" אַ מענשען. „איטליכס בעשעפעניש, וואָס ווערט געבוירען איז קודם־כל אַ לעבעדיגע זאַך, פערזאָרגט מיט אַלע אברים, טאַקע פון זיינעטוועגען, בכדי דורך זיי צו בעקומען אַלצדינג, וואָס עס בעדאַרף נויטיג האָבען צום לעבען. עס האָט, אַ שטייגער, אַ מויל אויף צו עסען, עס האָט אַ נאָז, כדי צו שמעקען, עס האָט פיס, כדי צו געהן, נישט כדי צו טאַנצען, טאַנצען און נאָך אַזוינע שמאָכטעליען זענען אויסגעטראַכטע מעשיות, דאָס האָט מען אַליין זיך אויסגעטראַכט שפעטער און עס אַ נאָמען געגעבען „בילדונג" — ענטפערט די „קליאַטשע" דעם גרויסען בעל־החמנות ישראל'יקן. זי גלויבט נישט אין הומאַניזם, מענשליכקייט, באַרמהערציגקייט, רחמנות, זי האָט אויך קיין צוטרויען נישט צו אוטיליטאַריזם, צום נוצליכקייטס־געפיהל פון מענשען, וואָס זאָגט, אַז וואָס ווענינגער מען פייניגט אַ מענשען, אַלס נוצליכער איז ער פאַר'ן כלל. זי האָפט נור אויף יושר, גערעכטיגקייט. אָבער אין ערגיץ הערט איהר נישט דעם קול פון אַ געזונדטען לעבענס־געפיהל, וואָס וועקט אַ שטאַרקע זעלבסטשטענדיגקייט. דען וואָס איז דער ציוניזם, בונדיזם, טעריטאָריאַליזם א. ז. וו., אַלע די בעוועגונגען, וואָס האָבען אָנגעהויבען וועקען אַ יודיש האַרץ, ווען נים דער פאָלקס־אינסטינקט פון זעלבסטשטענדיגקייט?

אין אַבראַמאָוויטש'עס צייטען איז דער יוד געווען אַלס פאָלק פאַסיוו, היינט, אָבער, דוכט זיך, איז ער אַקטיוו. אין די מענדעלי'ס דור זענען די סאָציאַלע געפיהלען פון יוד געווען פערטויבט, עס איז נישט געווען קיין בעוואוסטזיניגער כלל, נאָר איינצעלנע אידיווידוען, וואָס עס האָט זיי צוזאַמענגעהאַלטען אַנ'אויסערע לעבענס־פאָרם. די יודישע

גאַס פון ר׳ מענדעלי׳ס וועלט האָט געהאַט אַ שוואַכע בעוואוסטזיניגקייט. האָטש אויסערליך האָט זי געהאַט אַלע סמנים פון רוחניות — פּאות׳לעך און שיך און זעקעלעך האָבען פול געמאַכט די ירידי׳לעך און די קלייזלעך — אָבער אינווייניג האָט זי נישט געהאַט אין זיך קיין לעבען און איז געווען ווי פערגליווערט. פֿאַר אונז, די היינטיגע, דוכט זיך שוין אויס דער חלוק אַזוי גרויס, אַז מיר זעהען שוין גאָר כמעט קיין המשך נישט צווישען דעם זיידען און דעם אייניקעל.

.II

דאָך, נישט קוקענדיג אויף אַלע די בעטראַכטונגען, הערען מיר פּאָרט אין אַבראַמאָוויטש׳עס ווערק אַ שטים, וואָס איז אונז אַלעמען נאָהנט און, דאַכט זיך, גוט בעקאַנט, זעהען מיר דאָך אין אַלע זיינע שילדערונגען נאָהנטע געשטאַלטען און היימישע פּנים׳ער. ווי ס׳ווייזט אויס, ליעגט פּאָרט ביי אונז נאָך אַ גלגול פֿון דעם יודעל, וואָס האָט געלעבט אין די יאָהרען פון ניקאָלאַי׳ס צייטען. אָדער צי האָט אַבראַמאָוויטש עפּיס בעריהרט אַזאַ קנייטשעלע אין דער יודישער גלות־נשמה, פון וואָס מיר, די אייניקלעך, זענען נאָך עד־היום נישט פריי געוואָרען? אמת, אַז מען זאָל נעהמען צוגליעדערען ר׳ מענדעלי׳ס ווערק אויף אַ ריין־פראָטאָקאָליסטישען שטיינער, וועלען מיר אין זיי נישט געפינען קיין שטעגעלע, וואָס זאָל זיין ענליך צו אונזערע היינטיגע גלות־וועגען. אָבער צי האָט דאָס גאָר אַ זין צו פערגלייכען שילדערונגען פון אַ קינסטלער־האַנד מיט אַן אַלטער פאָטאָגראַפּיע פון אַן אַמאָליגען פאָטאָגראַף? געוויס, האָט זיך דאָס אויסערליכע פּנים פֿון היינטיגען לעבען געענדערט, אויך אינערליך זענען מיר אַנדערע געוואָרען, די טיעפערע אָבער, די שטיל־פֿערבאָרגענע קנייטשען פֿון אונזער גלות־נשמה, וואָס דאָס זעהט נור אַ גאָט־געבענשטער קינסטלער, האָבען זיך ווייניג וואָס געענדערט. און ווען אונז געלינגט זיי צו ענטפלעקען, האָבען מיר עס צו פערדאַנקען איינציג אַליין אַבראַמאָוויטש׳ען, וועלכער האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו האַפען מיט זיין פענזעל „דאָס פינטעלע יוד“.

צוגלייך מיט זיין שכן פון איין לאַנד, ג א ָ נ א ָ ל, האָט ער אונז געשילדערט זיין א י י ג ע נ ע צ י י ט. אָבער דערביי האָט ער פונקט ווי זיין שכן אַ קוק געטהון טיעפער דורך די אויסערע בגדים פֿון זיין

צייט און אונז ענטפּלעקט הוילע, נאַקעטע נשמות, אפשר אייביגע יודישע נשמות. אין פּונקט ווי גאָגאָל'ן געניסט נאָך היינט דער אור־איינקעל פון זיין עפּאָכע, אָט אַזוי געניסען מיר נאָך היינט אַ „פישקע דעם קרומען" און „מסעות בנימין השלישי". ווי איטליכער קלאַסיקער, (און אַבראַמאָוויטש איז דער קלאַסיקער פון רוסישען גלות־יודענטום), פערמאָגט ער אַ סוד, עפּיס אַ מין כשוף, וואָס לאָזט זיך נישט אויסדריקען אין ווערטער,—אַ כשוף, וואָס גיט אונז, די קינדער פון פערטען דור, זיך צו פיהלען פאַר נאָהענטע מחותנים מיט אונזערע נאַרישע עלטער־זיידעס. צי ליגט דאָס אין דעם, וואָס אַבראַמאָוויטש'ן האָט זיך איינגעגעבען צו חאַפּען דעם טיפּישען קנייטש און לשון פון אַ יודישער אמה מענשען? צי אין דעם, וואָס ער האָט אונז געוויזען דעם כאַראַקטעריסטישען רימטום פון אַ גאַנצער עדה יודען? צי אין דעם, וואָס ער האָט שאַרף אַרויסגעשטעלט פאַר אונזערע אויגען די פיעל סתירות אין דער נשמה פון רוסישען גלות־יודענטום?—ווי די מעשה איז: צוקלאַפּענדיג איינע פון די בעריהמטע „ספורי־המעשיות" פון ר' מענדעל'ין, פיהלען מיר אָן ווערטער, אַז מען האָט אונז געצוואונגען זיך טיעפער צוצוקוקען צו אַ בילד, וואָס איז צוגלייך מיין איינענעם, ווי דאָס בילד פון אַנ'עדה יודען, וועלכע מען רופט אָן כלל־ישראל.

ש. י. א. איז געוואָרען דער שילדערער פון דער כנסת ישראל מיט איהר וואָכענדיגער קדושה און איהר צוטומעלטען אָרימען גשמיות'דיגען לעבען. נישט אין איינצעלנע געשטאַלטען האָט ער אונז געמאָלט די פאַרצייטיגע וועלט, נאָר אין איהר גאַנצען כללישען אויסדרוק. ער האָט אונז איבערגעגעבען דעם תמצית, דעם גייסט פון יודישען אַתה־בחרתנו'ניק, ביי וועמען דאָס לעבען פערגעהט צווישען קלויז און מאַרק. ווען אויך די אויסערע פאָרמען האָבען זיך געביטען, אָבער אין תוך בייט זיך נישט אַזוי גיך די נשמה פון אַ גרויסען קבוץ. „אַלץ בעקומט ביי אונז סמנים פון אַ מעקלערישען עסק'ל", קלאָגט זיך אַבראַמאָוויטש און שילדערט אונז דעם גייסט פון אַנ'אַמאָליגער יודישער חתונה. „אַפילו חתונה־האָבען איז אויך אַ געשעפט. דער יוד האַנדעלט איין אַ ווייב, דינגט זיך פריהער גוט אויס וועגען מקה, וועגען נדן, וועגען איטליכם פיצעלע בעזונדער, זענען די תנאים דערפילט כפי המדובר, טאָ קום־זשע, כלה לעב, אונטער דער

חופה מיט דעם שדכן, דעם בדחן, מיט דעם גאַנצען פּעקעל כּלי־קודש, וואָס לעקען פֿון געשעפֿט אָב אַ ביינדעל, זיי אַ ווייב, רייס קריעה און ווער פֿערשוואַרצט מיט מיר אינאיינעם. אויב דו ביזט קלוג אָדער נאַריש, שען אָדער מיאוס, דאָס איז שוין דיין עסק. מיר זענען נישט קיין פּריצים, האָבען נישט קיין צייט צו קוקען אויף אַזוינע זאַכען, יודען זענען מיר, סוחרים, מעקלער, קרעמער" („פּישקע“).
און מיר, די איניקלעך, פּיהלען, אַז איטליכס וואָרט פֿון פּאַרצייטיגען אַבראַמאָוויטש'ן טרעפֿט אונז גלייך אין האַרצען אַריין, אין האַרצען פֿון יודען, וואו עס האָט זיך בעזעצט דער מעקלערישער גייסט אין די היילינסטע טהועכצען פֿון זיין לעבען.
ווען מיר לייענען, ווי ישראליק'ן דעם משוגע'נעם האָט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ יודישע פּרנסה און מיר דערזעהען פּלוצים דאָס אַלגעמיינע בילד פֿון אַ יודישען מאַרק מיט „הונגעריגע, דאַרע טאַנדעטניקעס און אין צעהנען איינגעהויקערטע הענדלערס, וואָס דרעהען זיך הין און הער אַרום אין איינע צרות, קוקען זיך צו און שאַצען בּיי זיך אָב איטליכענס קליידער, האָבען אַנ'אויג, בּיי וועמען עס זענען צוריסען די שטיוועל, בּיי וועמען די הויזען, בּיי וועמען די קאַפּאָטע, דערפּיהלען אין דער שטאָדט די קלענסטע לאַטע, די מינדסטע שמאַטע... בּלייכע, טויטע מענשען, וואָס לויפֿען נעביך אַרום ווי פֿערסמ'טע מייז, שטעקען אומעטום די נאָז אַריין און שמעקען, טאָמער וועלען זיי געפֿינען עפּיס אַ שטיקעלע ברויט... איטליכער איז פֿערטראַגען, איטליכען שפּאַלט זיך דער קאָפּ, איטליכער פֿערבייסט אַ ליפּ, מאַכט פּלאַנען און פֿערטראַכט זיך, איטליכער רוקט אַרויף דאָס היטעל און לויפֿט, און איז ווי אויפ'ן עולם התהו... מיט אַלערליי סאָרטען קלייטען און קלייטלעך, טישלעך און שאַפּקעלעך, וואו אַ צוואַנציג קרעמער שלאָגען זיך פֿאַר איין קונה, איטליכער ציהט איהם צו זיך און זאָגט איהם צו הרים וגבעות, איטליכען קריכען אַרויס די אויגען צו זעהן אַ גראָשען לייזונג, די קונים און די קרעמער דינגען זיך, שווערען זיך, בּיידע שווערען בּנאמנות, בּיים ווייב, בּיי די קינדער, בּיי זיין חלק לעולם הבא און גלויבען איינער דעם אַנדערען, ווי דעם הונד“ („די קליאַטשע“), — ווען מיר לייענען דאָס, דאַכט זיך אונז נישט ווילענדיג אויס, אַז מיר טרעטען אויפ'ן ברוק פֿון דער היינטיגער יודישער גאַס מיט איהר אָרימקייט, אימפּעט און צוטומעלטקייט. צי קען מען נישט היינט

זעהן דאָס איינענע ביי דער בערזע פון אַ וואַרשאַ, אָדעס דאָס, וואָס אבראַמאָוויטש האָט געזעהן אַמאָל ביי דער פּאַרציייטיגער בערזע אויף קאַרמעליניצער יהיה: „אַ יודעלע אויפ'ן יריד איז ווי אַ פּישעלע אין וואַסער... יודען יריד'עווען, לויפען, האַנדלען, שטעהען נישט אויף איין אָרט.... ס'איז אַ טאַראַראַם, אַ קאָכעניש... דאָרט, זעה איך, לויפט אַ יודעל, אַ צווייטער, אַ דריטער.... פערשוויצט שטאַרק, דאָס מיצעל אויפ'ן שפּיץ קאָפּ... דאָ אַ טאַפּ, דאָרט אַ טאַפּ, אַ מאַך אַהין, אַ מאַך אַהער, אַ דרעה מיט'ן גראָבען פינגער און אַ קיי דאָס שפּיצעל בערדיל: געפאַלען אַפּנים אויף אַ המציאה. עס לויפען גאָר אָהן אַ נשמה מעקלער, שדכנים, טאַנדעטניקעס, יודענעס מיט קוישען, יודען מיט טאָרבעס מיט פינף פינגער, בעלי-הבית'לעך מיט ביינלעך. איטליכען פלאַמט דאָס פּנים: „נישטאָ קיין צייט, אַ רענדיל אַ מינוט!" („פּישקע").

נאָך היינט איז די יודישע מאַסע אַנ'אָרימע, ביי וועמען „דער מאָגען האָט קיין שום התמנות נישט". נאָך היינט קומט אָב די יודישע מאַסע מיט שה"י-פה"י און ווערט נור לעבעדיג, ווען זי הערט „עפּיס ריידען פון געשעפט". נאָך עד היום קאָנען מיר מיט אַ ביטערען געלעכטער'ל אויף די ליפּען איבער'חזר'ן אבראַמאָוויטש'עס אַפאָריזם: „אַ יוד בשעת דער גסיסה, קוים דערהערט ער נור עפּיס געשעפט, ווערט ער לעבעדיג און דער מלאך המות אַליין קאָן דענסטמאָל צו איהם נישט צוטרעטען".

שלום יעקב אבראַמאָוויטש, דער פּאָעט פון אונזער וואָלעדיגער קדושה, האָט אונז טיעף ענטפּלעקט דעם ווילדען קאָנטראַסט פון אַ יודישער נשמה, וואָס פיהרט זיך אַסקעטיש, ווי אַ קדוש („זיין מאָגען האָט קיין שום התמנות נישט") און איז פול פּאַר פול מיט וואָלעדיגע ציעלען („מיין ערגסטען פיינד וואָלט איך נישט ווינשען אָנצוקומען צו אַ יודען, בעת עס דאַכט זיך איהם געשעפט, ער איז מבטל דענסטמאָל איטליכען, אַפילו דעם בעסטען פריינד, דעם אייגענעם ברודער מיט'ן בליק"), און דער ווילדער קנייטש אין דער יודישער נשמה איז געבליבען דער אייגענער, וואָס אין די אַמאָליגע צייטען. אפשר זענען מיר געוואָרען אין דער צייט עקאָנאָמיש פּראָדוקטיווער, אביסעל אייראָפּעאישער, אַביסעל זעלבסטשטענדיגער, אָבער דאָס נייע

33 האָט נאָך נישט אויסגעפייעט אויסצוגלייכען אונזערע אַלטע נשמה-

קנייטשלעך און צו בעשאַפען אין איהר נייע שטענדיגע פעלבעלעך. מיט דעם לעזער, וואָס געהט־צו צו ר' מענדעלי'ס אַ ספור המעשׂה, זיך דאַלטען, אַז ער געהט הלומ'ן פון אַלטע, שוין געשטאָרבענע צייטען, סוף לייענען אָבער לעגט ער אַוועק אַבראַמאָוויטש'עס ווערק גאָר מיט אַנ'אַנדער געפיהל, מיט וועלכען ער איז צו איהם געקומען. דורך די פאָרמען פון אַמאָליגען לעבען הויבט אָן דורכצווישיינען פאַר איהם עפּיס אַזוינס, וואָס איז נאָך אַזוי נאָהנט, אַזוי פריש און וואָס צע־וואונדעט אַזוי לייכט אַ יודיש האַרץ.

.III

שלום יעקב אַבראַמאָוויטש איז, ווי בעוואוסט, דער ערשטער יודישער קינסטלער אין XIX יאָהרהונדערט, וואָס האָט גענומען מיט כונה זיך צוקוקען צו דער יודישער מאַסע. גערופען האָט ער זי „כנסת ישׂראל", „כלל ישׂראל", אָבער אין דער אמת'ן האָט ער צו טהאָן געהאַט נישט מיט אַ טעאָלאָגישען אָדער היסטאָרישען בעגריף, נאָר מיט דער לעבעדיגער יודישער מאַסע. נישט ווי זיינע חברים פון דער השׂכלה־צייט איז ער צו צו דער מאַסע, וואָס האָבען איהר געוואָלט קודם כל אויסלערנען אייראָפּעאישע זיטען און מנהגים און מאַכען אַביסעל אויסערליך לייטישער, נאָר מיט דעם מאָדערנעם בליק פון אַ היינטיגען, וואָס האָט גענוי בענומען די יודישע עקאָנאָמישע נויט. קיינער פאַר איהם האָט ניט געהאַט אַזאַ שאַרפען בליק פאַר דער יו־דישער אָרימקייט ווי ער. די עובדה, וואָס דער יודישער מאָגען איז פון נישט־עסען צוזאַמענגעשרומפען, „גרויס ווי אַ כזית", האָט ער שטענדיג געהאַט פאַר די אויגען. ער האָט מיט אַכזריות'דיגע פאַרבען אונז געמאָלט די קבצנ'ישע מאַסע, וואָס מאַכט פול די טונעיאַדאָווקעס און קאַבצאַנאָווקעס און פרוסטפערט זיך, פערזאָרגענדיג די וועלט מיט נייע קבצנים. צוגלייך שיינט אין אַבראַמאָוויטש'עס ווערק אַלע ווייטע אַרויס אַ גרויס רחמנות צו אַ מאַסע, וואָס האָט עפּיס קיין התמגות נישט אויף דער זינדיגער וועלט. און וואו און ווען ער קאָן נור, זוכט ער מיט עפּיס מהנה צו זיין די אומגליקליכע מאַסע. דער קינסטלער פון „מסעות בנימין השלישי" ווערט מיט אַמאָל אַנ־איבערזעצער פון די שבת'דיגע זמירות, פון „פרק שירה", גיט אַרויס פאַר דער דערשלאָגענער יודישער מאַסע קאַלענדערס און טרייסט זי מיט זיין „יודעל". ער טראָגט זיך אַרום מיט דעם געדאַנק צו

איבערזעצען דעם תהלים, עס וואָלט זיך איהם וועלען וואָס מעהר דערנעהנטערן זיינע אָרימע ברידער צו דער שענקייט, טיעפקייט פֿון די ספרים, וועלכע זיי האָבען שוין אויפֿגעהערט צו פֿערשטעהן. ער דרינגט אַריין אין די פסיכאָלאָגיע פון „דער מאַטעריע יוד, וואו ער פיהלט זיך אַלס פֿעדעמעל דרין“, און ווייזט אונז די לינדערנדע קראַפט פֿון זיינע ימים טובים, ימים נוראים און זיין בית־מדרש לעבען. דערביי ענטפּלעקט ער אונז די טיזענדער סתירות און די היפוכים פון יודישען מאַסען־לעבען, וועלכעס איז זיך צייטענווייז אַליין מבטל צי מיט דעם רחמנות, וואָס עס פיהלט צו זיך אַליין, צי מיט דעם הוזק׳ל, וואָס שפּעט אָב פון זיך אַליין.

דאָך אַלע די פיינע פּסיכאָלאָגישע שטריכען, וואָס מיר געפינען ביי אבראַמאָוויטש׳ן, ווען ער בעהאַנדעלט זיין טעמאַ „די יודישע מאַסע“, וואָלטען נאָך ניט אָבגעהיט זיין ווערק פון אונטערגאַנג, ווען מיר וואָלטען ניט געשפּירט דערביי זיין געזונד נאַטירליך און העכסט־מאָראַליש פערהעלטניס צו דער מאַסע, וואָס ער בעשרייבט. זעלטען, וואו איהר וועט געפינען אין דער יודישער ליטעראַטור אַזאַ נאַאיוועס פערהעלטניס צו דעם יודישען פֿאָלקס־לעבען ווי ביי אַבראַמאָוויטש. זיינע ווערטער: „איך בין אַ פעדעמעל אין דער גרויסער מאַטעריע, וואָס געהט אונטער דעם נאָמען יוד“, „וואָס פיהלט מיט איהם זיינע ליידען און פריידען“, זענען נישט קיין פוסטע מליצות פֿון אַ שרייבער. ר׳ מענדעלי „מיט׳ן שטעכעדיגען געלעכטעריל אויף די דינע ליפּען“ איז אין קלאַסישען זין פון וואָרט אַ פֿאָלקס־שרייבער. ווי, למשל, די גרויסע רוסישע „נאַראָדניקעס“, וועלכע זענען געווען אויסערליך און אינערליך שטאַרק פערקניפּט מיט׳ן פּשוט׳ן פֿאָלק. זיי האָבען זיך אַרונטערגעלאָזען אויף די נידעריגסטע טרעפּלעך פון פֿאָלקס־לעבען, ווייל זיי האָבען געפיהלט. אַז דאָרט וועלען זיי זיך, זייער נשמה געפינען, וואָס איז אַ טייל פֿון דער גרויסער פֿאָלקס־נשמה. אָהן אידעאָלאָגיעס, אָהן קונצען האָבען זיי זיך געטובל׳ט אין אַ אַטמאָספערע פֿון אַ גרויסען קבוץ, גאַרענדיג איינצוזויגען דאָס בעסטע און איידעלסטע פון זיין זעעל.

שוין דאָס אַליין, ווי שלום יעקב אַבראַמאָוויטש איז איינגעדהונגען אין דער שפּראַך פון פּשוט׳ן יודען, ווייזט, ווי טיעף ער האָט זיך אָבגעטונקט אין יודישען פאָלק. קיינער פֿאַר איהם און ווענינע נאָך

איהם האָבען געהאַט אַזאַ פיין אויער צו דער שפראַך פֿון זיין פֿאָלק.
בלעטערט דורך אַ מעשׂה פון אַייזיק מאיר דיק, וואָס איז געגאַנגען
נישט פּשוט צום פאָלק, נאָר ווי אַ מדריך, אַ מוכיח, און פֿערגלייכט
זיין שפּראַך מיט דער שפּראַך פון אַבראַמאָוויטש, און איהר וועט
זעהן דעם געוואַלדיגען חלוק. דער ערשטער איז נישט געקומען זיך
עפּיס אָבלערנען, נאָר אַליין צו ווערען אַ נישט-געבעטענער מלמד.
דער אַנדערער איז אָבער געקומען צום פאָלק אָהן פֿאָרגעראַנקען
און אידעאָלאָגיעס, אָהן שום כּוונות און פּרעטענזיעס. און האָט מיט
אַנ'אָפּענעם בליק זיך צוגעקוקט צו זיין לעבען און מיט אַ פֿיינעם
אויער זיך צוגעהאָרכט צו זיין לשון. דער פּועל-יוצא דערפֿון איז
געווען, דאָס שלום יעקבֿ אַבראַמאָוויטש האָט געהאַפּט דעם גייסט
פון דער פֿאָלקס-שפּראַך און איז געוואָרען דער שעפּפֿער פון היינטיגען
יודיש, וואָס איז פאַר איהם באמת געווען נאָך אַ מיאוס'ער זשאַרגאָן.
די שפּראַך פון יעדען קבוץ איז דאָס דינסטע לעצטע הייטעל פֿון
זיין נשמה. און שלום יעקבֿ אַבראַמאָוויטש, וואָס האָט זיך שטענדיג
געטובלט אין דער יודישער פֿאָלקס-נשמה, האָט זיך ממילא בעצויגען
מיט דעם דאָזיגען נשמה-הייטעל. מעגען דורות פערגעהן — שטענ-
דיג וועלען מיר מוזען געהן צו ר' מענדעלי'ן לערנען די שפּראַך,
אויף וועלכער עס רעדט און טראַכט די יודישע מאַסע.
דאָזועלבע נאַטירליכע פערהעלטניס צום פֿאָלק געפֿינט דער פער-
עהרער פון אַבראַמאָוויטש'ן אויך אין זיינע נישט-געלונגענע ווערק.
ווען מיר לייענען זיין „פּרק שירה“, אָדער זיינע „זמירות“, אָדער זיין
„יודעל“, קאָנען מיר זיך נים אָבוואונדערען צו זעהן, ווי גרויס זיין
ליעבשאַפט איז געווען צום פֿאָלק און וואָס פֿאַר אַ אַכטונג ער האָט
געהאַט צו זיין גייסטיגען לעבען. פֿאַר דעם קריטיקער דאַכט זיך,
אַז דער מחבר האָט געפיהלט אַ הייליגע קנאה צו די אַלטע לומדים,
וועלכע האָבען אויס טרייקייט צום פאָלק איהם געגעבען אַ „צאינה
וראינה“ און אַ „מנורת המאור“, אום זיך צו טיילען מיט איהם מיט
די אַלטע יודישע אוצרות. אַבראַמאָוויטש האָט רחמנות געהאַט אויף
זיין פאָלק; וועלכעס איז נעבּיך דערווייטערט פֿון די גוטע ספֿרים
און וועלכע לאָבען זיך האָטש מיט די שלעכטע איבערזעצונגען. און
ער האָט זיך גענומען מיט עפּיס איהם צו העלפען.
דער חלוק צווישען די היינטיגע (יהואש), וואָס נעהמען זיך איבערזעצען

תנ״ך פאַר׳ן פאָלק, און אַבראַמאָוויטש׳ן, איז אין פרינציפּ געווים א גרויסער. די היינטיגע הלומ׳ן פון אַ נאַציאָנאַלער יודישער שפּראַך, וועהרענד אַבראַמאָוויטש האָט קיינמאָל אַזעלכע כונות נישט געהאַט, ווען ער האָט אָנגעהויבען שאַפען. די היינטיגע זענען אידעאָלאָגען, ראַציאָנאַליסטען, בעת אַבראַמאָוויטש האָט געזונגען, „ווי דער פויגעל זינגט“, נאַאיוו, אָהן פּאָליטיש־נאַציאָנאַלע הינטער־געדאַנקען. אָבער האָטש די היינטיגע זעהען אונז אויס אויסערליך נעהנטער, דאָך פיהלט מען, אַז דער, וואָס האָט פערטייטשט

ותגעש ותרעש הארץ ומוסדי הרים ירגזו (תהלים י״ה) א. ז. וו.

„עס וויעגט די ערד זיך, ס׳שטורעמט אונטען,
„עס ציטערען פון בערג די גרונטען —
„קראַך, קראַך! אָט וואַלען זיי זיך אַיין
„ווי באַלד ער קומט אין כעס אַריין.
„פונ׳ם נאָז איהם זעצט אַרויס אַ רויך,
„אַ פייער פלאַמט פון מויל ביי איהם
„און גליהענדע קויהלען פליהען הויך,
„עס ברענט, עס שרפה׳ט אומעטום.
„ער נויגט דעם הימעל, געהט אַרונטער,
„אַ וואָלקען שפּאַרט די פיס איהם אונטער,
„ער רייט אויפ׳ן כרוב, ער פליהט געשווינד
„און שוועבט אויף פליגעל פון דעם ווינד“, —

שטעהט נעהנטער סיי צום פשוט׳ען פאָלק, ווי צום גייסט פון אונזער תהלים.

לסוף מוז מען נאָך אָנווייזען אויף די הויפּט־מעלה פון אַבראַמאָוויטש, מיט וועלכער ער צייכענט זיך נור אויס די אויסערוועהלטע פון די פאָעטען און שרייבער ביי איטליכען פאָלק; מיר מיינען די גאָט־געבענשטע פאַנטאַזיע צו זעהן אין איטליכען פרט דעם כלל, צו קאָנען מאָלען איינצעלנע געשעהענישען און פרטים מיט אַזוינע ליניען, אַז דורך יעדען פרט זאָל דורכשיינען דער כלל. און דאָס קאָנען נור די, וואָס האָבען דעם בליק פאַר׳ן כלל, וואָס זעהען דאָס לעבען סינטעטיש, ביי וועמען דער שטראָם פון מענשליכען קיום צופאַלט נישט אין איינצעלנע טראָפּענס. נור די נשמה, וואָס טובל׳ט זיך אין אַ ברייטערן לעבען, ווי דאָס אייגענע פערזענליכע, וואָס זעהט די וועלט

נישט דורך די שפּאַקולען פון אייגענעם איינג-עגאָאיסטישען בליק, איז בכּה צו זעהן און צו פיהלען שטענדיג דעם גרויסען כּלל, די אַלגעמיינע נשמה פון אַ קבוץ. און ביי וועניגע פאַר און נאָך אַבראַמאָוויטש'ן געפינען מיר אַזאַ ברייטען מונטעטישען קוק איפ'ן יודישען לעבען. אָט די מעלה איז די קרוין פון ר' מענדעלי'ס ווערק. צוליעב דער קרוין וועלען זיי נאָך לאַנג זיין אונז ליעב און טייער און וועלען שטענדיג צוציהען צו זיך די בעסטע און ערשטע אין פאָלק.

————

אין קורצען וועט אַרויס די יובילעאום-אויסגאַבע פון אַבראַמאָוויטש'עס געזאַמעלטע ווערק אין 12 בענדער. מיר וועלען אין זיי געפינען אויך אַזוינס, וואָס איז שוין לאַנג נישטאָ אויפ'ן ביכער-מאַרק. מיר וועלען געפינען געוויס אין דער אויסגאַבע אויך זאַכען, וואָס האָבען צעהנדליגער יאָהרען געוואַרט אויף זייער צייט אין שרייב-טיש. פאַר די פערעהרער פון ערשטען קלאַסיקער וועט דער טאָג פון דעם ערשיינען פון זיינע געזאַמעלטע שריפטען זיין אַן אמת'ער יום-טוב. האָטש דאָס בילד פון ר' מענדעלי'ן וועט נישט ווערען דאַדורך אַנדערש, אָבער אָבגעפרישטער און בולט'ער ווי ער איז געווען ביז איצט, ווען מיר האָבען איהם געלייענט שטיקלעכווייז אין די שלעכטע אַמעריקאַנער אויסגאַבען. וואָס פאַר אַ נחת עס וועט זיין פאַר דעם גרייז-גראָהען זיידען ר' מענדעלי'ן, ווען זיינע אור-אייניקלעך וועלען צו זיין פופציג-יעהריגען יובילעאום איהם דערזעהן אַנ'אָבגעפרישטען, אַ יונגען. „אחרי בלותי היתה לי עדנה“, מעג אויסרופען ר' מענדעלי, וועלכער איז אין די 90-ער יאָהרען כמעט ווי פערגעסען געוואָרען און וועלכער איז אין די לעצטע צעהן יאָהר אונז געוואָרען דער געליעבטער „זיידע“, דער אָנערקענטער שעפּפער פון דער יודישער ליטעראַטור אין דער קלאַסיקער, וואָס האָט אונז געוויזען אַ מוסטער פון דער שפּראַך, פון דער בעציהונג צו דער יודישער מאַסע און צו דעם כלל, וואו עס לעבט, דענקט און פיהלט דער יחיד.

מעגען די יאָהרען פון 50-יעהריגען שרייבער-יובילעאום זיך נישט שווער לעגען אויף די פּלייצעס פון געליבטען זיידען, און זאָל אונז נאָך בעשערט זיין אונזער לעבענס-צייט מיט איהם צו טיילען נאָך אויף לאַנגע, לאַנגע יאָהרען.

# אַנ'אײניקעל דעם ײדען.

1,

דאָס 1910 יאָהר האָט זיך געענדיגט מיט אַ גרויסען ליטעראַ־
רישען יום־טובֿ בײ יודען. אָנגעהויבען האָט ער זיך אין אָדעסאַ
און ציהען ציהט זיך דער יום־טובֿ איבער אַלע יודישע שטעדט.
שלום יעקבֿ אַבראַמאָוויטש איז דער בן יחיד אין אונזער ליטעראַ־
טור, וואָס האָט דערלעבט צו אַזאַ שעֶנעם עלטער. ער איז דער
געליעבטער „זיידע“ נישט נור פון די אײניקלעך ליטעראַטען, ער
איז אויך דער געליעבטער זיידע פון אונזער דור, וועלכער האָט קלע־
רער און קינסטלערישער, ווי אונזערע לייבליכע זיידעס בעגריפען
און בעשריבען זײן צייט, וואָס איז נאָך טיילווייז אונזער צייט.
שלום יעקבֿ אַבראַמאָוויטש האָט אונז צוגעצויגען מיט זיין הוזק'ל,
מיט זײן סאַטירע, מיט דעם כח זיך צו דערהויבען איבער דעם גראָבען
גשמיות'דיגען יודישען לעבען דורך אַ שמייכעלע, אַ פיינעם געלעכ־
טערל, דורך אַ סאַטירישען וואָרט. צוגלייך מיט די גרויסע שריפט־
שטעלער אין אַנדערע ליטעראַטורען — האָט ער אונז אויסגעלערנט
אָבצולאַכען פון אַ נאַרישען לעבען און דורך די אָבלאַכעריי זיך אויך
אַ ווײלע צו בעפרייען פון דער לעבענס־ענגקייט.
מיר שעצען און ליעבען אַבראַמאָוויטש'ען פאַר זײן נאַטירליכען צו־
בונד צו אַלץ, וואָס איז יודיש, צו אַלץ וואָס צייכענט זיך אויס מיט
אַ יודישער תנועה'לע, גרימאַסעלע און אַ יודישען ריטמוס.
מיר בעוואונדערען אין אַבראַמאָוויטש'ען זײן פיינעם געהער, וואָס
האָט דערהאָרכט אין דעם מיש־מאַש פון דעם יודישען זשאַרגאָן
די נאַטירליכע, וואָרצעלדיגע טענער פון דער יודישער שפּראַך.
אַפילו די, וואָס האַלטען נישט פון דער צוקונפט פון יודיש, ווערען
נשתומם און שטאַרק נתפעל פון דעם וואונדער, דאָס דער זשאַרגאָן,

וואָס איז אַפּילו פֿאַר טאַלאַנטפֿולע פּאָעטען נאָך געווען אַ מישל צו אַל־דער חילדקייט פון יודישען לעבען — איז מיט איינמאָל אַרויס פון אַבראַמאָוויטש׳עס פּעדער מיט אַ יחוס־בריעף פֿון אַ קלאָרע ריינער שפּראַך.

„די אַלטע באָבעניו“, — ווי דער פּאָעט פּרוג האָט אַמאָל געשילדערט דעם זשאַרגאָן, — „מיט אַ צורימענער־צוביסענער וואַטאוווקע אין אַלע מיני משונה קאָליערען, אויף איין פוס אַ הליצה־שיכעל, אויף דעם צווייטען — אַ ווייסע יום־כפור־זאָק און אויפ׳ן קאָפּ אַ קאָלטען“— האָט מיט אַמאָל זיך צורעדט אויף אַ לשון, וואָס האָט פּערנומען ביי׳ם האַרצען מיט די ריינקייט און לויטערקייט פון די געפיהלען.

שלום יעקב אַבראַמאָוויטש האָט אונז געוויזען דעם וואונדער, וואָס מיר געדענקען נאָך פון חומש, בשעת בלעם׳ס אייזעל האָט געעפענט זיין מויל. ווער האָט דאָס געקענט גלויבען, אַז דער זשאַרגאָן וועט בכח זיין אונז אַרויסצוגעבען דעם העכסטע קאָמפּליצירטען טיפּ פון אַ ר׳ מענדעלע, וועלכער האָט געירשה׳ט פון פֿאָלקס־גייסט אַלע זיינע קנייטשען, אַלע זיינע געפיהלען, סיי די אומעטיגע ווי די פֿרעה־ליכע, סיי די איראָנישע און סאַטירישע, סיי זיין ליעבשאַפט צו דער נאַטור און צו אַלץ וואָס פויזעט אין דער נאַטור.

ווי פערוואונדערט שטעהען מיר פֿאַר די קלאַסישע זייטען פֿון זיינע ספּורי־המעשׂיות, ווען ער שילדערט אונז אַזוינע זאַכען, צו וואָס אויך די נייע העברעאישע ליטעראַטור האָט זיך נאָך לאַנג נישט דערוועגט צו־צורידרען.

ווען מיר לייענען די נאַטור־שילדערונגען פון ר׳ מענדעלי — גלויבט זיך גאָר נישט, אַז דאָס איז געמאָלט געווען צו בעשאַפען אין זשאַר־גאָן, אין דער פעראַכטעטער שפּראַך פֿון „דינסטמייד און משרת׳ל“.

אויך די וואָס שאָקלען זיך אָב היינט פון יודיש, אויך די וואָס זעהען פאַר׳ן יודיש נישט קיין לאַנגע צוקונפֿט — מוזען דאָך מודה זיין, אַז אין לויף פון הונדערטע יאָהרען איז יודיש געווען די איינציגע שפּראַך, אויף וועלכער עס האָבען גערעדט אַלע, אַלע קלאַסען פון פֿאָלק. און עס וואָלט געווען אַ גרויסע עם־הארצות, ווען מען וואָלט מיינען, אַז דאָס פּעהיגסטע און גייסטיגסטע פֿאָלק האָט זיך בע־נוצט מיט אַזאַ אידעלע זאַך ווי אַ שפּראַך, ווי מיט אַ מיטען שייט

האָלץ, נישט ווי מיט אַ לעבעדיגער נשמה=היטעל פון דער כלליישער נשמה.

אום אָבער צו בענעהמען די שפּראַך, פיהלען די ציטערדיגע און לייכטע פעדעמלעך פון אַ נשמה=היטעל, האָט מען געמוזט זיך טובל'ען יאָהרען לאַנג אין דער נשמה פון דער יודישער מאַסע, האָט מען געמוזט האָבען אַ פיינעם אויער, אום צו דערהאָרכען, ווי דאָס נאַטירליכע געפיהל נעהמט אָן דעם פּאַסיגען מלבוש פון דעם געשפּראָכענעם זאַץ, אום צו דערהאָרכען דעם קלאַנג פון די שטומע געפיהלס=וועלען פון הארצען, וואָס קלאַפּען=זיך=אָן אָן דעם פעלזען פון **גערעדטען** וואָרט.

אַלע די, וואָס האָבען פאַרגעוואָרפען דעם זשאַרגאָן, אַז דאָס איז די שפּראַך פון „דינסטמוידען“, האָבען אין זייער בלינדקייט פערגעסען דעם פּשוט'ען אמת, וועלכער איז היינט בעקאַנט איטליכען חדר=יונגעל. זיי האָבען פערגעסען, אַז די דינסטמויד און דער משרת'ל זענען די סאַמע געדיכטע מאַסע פון פאָלק, וועלכע קומט אַמווענינסטען אין מגע ומשא, אין בעריהרונג מיט פרעמדע קולטורען און השפּעות, וועלכע קאָנסערווירען זיך, ענטוויקלען זיך פיעל נאַטירליכער, ווי די קלאַסען פון פאָלק, וואָס זענען דאָס אויבערשטע פון שטויבעל און בעקומען צוערשט דעם קלאַפּ פון טוקאַץ, ד. ה. נעהמען אָן צוערשט די פרעמדע זיטען, מנהגים, ווערען צוערשט בעגאָסען פון די וועלען פון דער אַלגעמיינער פּראָסטער קולטור, וועלכע מאַכען צונישט דעם כאַראַקטעריסטישען פנים פון איטליכער נאַציאָן.

עס איז געוועזען אַ צייט, ווען די פערטרעטער פון דער נייער ריכטונג אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור, ווי למשל באָדלער, ווערלען, האָט מען געגעבען אַ מיאוס'ען צונאָמען „דעקאַדענטען“ ד. ה. קאַליקעס. די קאַליקעס האָבען זיך אָבער פאַר'ן צונאָמען נישט דערשראָקען. זיי האָבען געזוכט דעם מיאוס'ען צונאָמען צוגעבען אַזאַ אינהאַלט, אַז ער זאָל אויפהערען צו קלינגען מיאוס. און דער „דעקאַדענט“ האָט מיט דער צייט אויפגעהערט צו זיין אַ זידעל=וואָרט. ביי'ם נאָמען דעקאַדענט האָט מען זיך אָנגעהויבען צו דערמאָהנען אָן די זעלטען פיינע ליעדער פון אַ באָדלער און אַ ווערלען און אינגאַנצען פערגעסען זיין געוועהנליכע מיאוס'ע בעדייטונג.

דאָס אייגענע איז מיט „דער שפּראַך פון די דינסטמוידען". אַדאַנק ש. י. אַבראַמאָוויטש, פּרץ, שלום־עליכם, פרוג, מאָרים ראָזענפעלד, אַש, האָט אונזער יודישע ליטעראַטור בעקומען אַזוינע טיפע כאַראַקטעריסטיקען פון אונזער יודישען לעבען, אַז מען הויבט שוין אָן גאָר צו בעקומען אַן אַנ'אַכטונגס־געפיהל צו דער „מויד", וואָס בעזיצט אַזאַ שאַץ, וואָס בעזיצט אַזאַ שפּראַך, אויף וועלכער די אַבראַמאָוויטש'עס, פּרץ'עס, שלום־עליכם'ס קענען אויסדריקען די פּאָעטישע געפיהלען, די קינסטלערישע זעהונגען פון זייער געמיט. ביי'ם זידעל־וואָרט „די שפּראַך פון דער דיענסט־מויד" זעהט שוין נישט אונזער אויג די פערשלימפּערטע, קליינשטעדטעלדיגע „דינסטמויד" מיט'ן טשעבער ביי'ם פּלימפּ. נאָר אַ וועלט יודישע מענשען ביי דער אַרבייט, ביי די דאגות זייערע, ביי זייערע ימים־טובים און התונות, ביי זייערע מסחרים און מסחרי־לעך, ביי זייער נעדריקטהייט און רחבות הנפש. די יודישע מוטער ביי'ם וויעג, דאָס יודישע מיידעל, ווען עס שפּראָצט אין איהר האַרצען אַ ליעבעס־בלום, דעם פערטראַכטען פּער'חלומ'טען יונגען מאַן, וועלכער זויגט איין די פּאָעזיע פון אַ שטומער נאַטור.

די „דינסטמויד" איז שוין איצט אַ „קאַמער־קעצעלע", ווי די בערלינער רופען דאָס ציכטיגע, ענערגישע, קאָקעטע און פּראַנטאָוואַטע דיענסט־מיידעל פון די רייכערע בעל־הבתי'שע הייזער. זי זעהט שוין אויס היינט ווי דאָס שטוב־מיידעל אויף פּלאַקאַטען פון די גרויסע שאָקאָלאַדען־פאַבריקען — אין אַ קלאָר־ווייסע הייבעל אויף דעם גוט פריזירטען קאָפּ און אַ שנעע־ווייסען פּאַרטוך אויף די שלאַנקע, געזונדטע היפּטען. נישט זי יאָגט זיך נאָך דער „מאַדאַם", נאָר די מאַדאַם יאָגט זיך נאָך איהר, און עס זענען שוין פאַרהאַן אין אַמעריקא אַזוינע „קאַמער־קעצעלעך", וואָס פערלאַנגען אַנ'אייגענעם צימער פאַר זיך, און למען־השם אַ גרויסען צימער, אַז מען זאָל קענען אַריינשטעלען אַ פּיאַנאָ. און אין פינלאַנד האָט מען שוין דערלעבט דערצו, אַז די קאַמער־קעצעלעך האָבען ביי זיך אין קאָמעריל אַנ'אייגענעם טעלעפאָן.

אויך דער זשאַרגאָן, „די שפּראַך פון די דינסטמוידען", איז שוין היינט אַ גרויסע תקיפות. נישט זי יאָגט זיך נאָך דער גבירת'ע (די העברעאישע שפּראַך), נאָר פונקט קאַפּויער. כמעט אין אַלע העברעאישע ליטעראַרישע אויסגאַבען וועט איהר געפינען די נעמען פון

די, וואָס זענען גרויס געוואָרען צוליעב דער דיענסט־מויד, וואָס האָבען קונה שם געווען צוליעב דעם, וואָס זיי זענען איינגעדרונגען אין דער שפראַך פון דער דיענסט־מויד.

ווען אַ יודיש טעאַטער־שטיק געהט אַרויס פון דער יודישער ענגשאַפט אויף דער ביהנע פון אַ וועלט־טעאַטער, — האָבען מיר דאָס צו פערדאַנקען דער דיענסט־מויד, מיט איהרע געזונדטע קרעפטיגע איילענבויגענס. און ווען איהר וועט אַמאָל זעהן אַ יודישען ליטעראַטאָר מיט אַ פיאַנא און אַנ'איינגענעם טעלעפאָן, האָט מען דאָס אַלץ צו פערדאַנקען דער מויד, מיט וועמען דער ליטעראַטאָר האָט געהאַט שטאַרקע מחזקות.

און דער צונאָמען פון יודיש „די שפראַך פון דער דיענסט־מויד", האָט היינט בעקומען גאָר אַ נייע בעדייטונג. דער צונאָמען האָט אויפגעהערט צו זיין אַ זידעל־וואָרט, ווי אַמאָל „די געלע מיטעלאַלטערליכע לאַטע", האָט דאָס אויפגעהערט צו זיין אַ בזיון. דאָס געלע איז, אַדרבה, געוואָרען די פאַרב, מיט וועלכער מיר שטאָלצירען, ווייל זי דערמאָנט אָן די יודישע עקשנות, געזונדטע לעבענס־עקשנות. ד"ר הערצעל ז"ל, וואָס האָט געגרינדעט דאָס ציוניסטישע בלאַט „די וועלט", האָט מיט אַ כיון גענומען פאַר דעם בלאַט די געלע פאַרב. שוין אַוועק די צייט, ווען פרוג האָט זיך געבייזערט אויף דעם האַרטען זשאַרגאָן און האָט געשריעבען:

„איך האָב מיט דעם לעצטען צאָהן
געביסען און געריסען דעם זשאַרגאָן,
געקייט די ליעבע שפראַך פון אונזער מאַמען,
געפעפערט מיט צעזור, געזאַלצט מיט גראַמען,
צו מאַכען זי אַביסעלע האָטש ווייך,
און צו פערדושען יענעם ריח
פון ווילנער מאַרק און דינאַבורגער יאַטקעס
מיט אַלערליי פערוואַלגערטע אַסטאַטקעס,
וואָס שמעקט אויף דרייצעהן מייל אַרום דעם אָרט,
וואו נור עס בליהט האָטש איין זשאַרגאָניש וואָרט..."

איצט פערמאָגען מיר שוין די שטאַרקע פּאָעזיע פון אַ ביאַליק, אין יודיש, און צוגלייך די בלייכע, פאָרעם־דינע, ווייכע פּאָעזיע פון

דוד איינהאָרן, דעם קורצען קנאַפּען ליעד פון רייזענ׳ען און דעם יונגען ליידענשאַפטליכען ליעד פון שניאור.

אַפילו פּרוג אַליין האָט אונז בחוש בעוויזען, ווי אַ גוט געבענטשטער פּאָעט קען ווייך מאַכען דעם זשאַרגאָן און אַרויסטרייבען פון איהם דעם „ריח פון די יאַטקעס". זיין ליעד „זאַמד און שטערן" בעווייזט דייטליך, וואָס פאַר אַ שטראָם פון לירישע געפיהלען עס איז בכח אַרויסצורופען די האַרטע שפּראַך פון דער דינסט־מויד.

ווער איז אָבער געווען דער ערשטער, וועלכער האָט געהאַט אַ ריכ־טיגען בליק אויף דעם פעראַכטעטען יודיש? ווער איז אָבער געווען דער ערשטער, וואָס האָט געהאַט דעם מוט, זיך צו גט׳ן מיט דער „מאַדאַם" און זיך צו פערקנס׳ען מיט דער שפּילדיגער מויד? ווער איז צום ערשטען מאָל צו — צו דעם אָרעמען יודיש אָהן שום כוונות, אום עס אויסצובעסערען, אָדער זיך צו בענוצען מיט איהם אַלס אַ גראָב מיטעל פאַר דידאַקטישע, מלמד׳ישע ציעלען? ווער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט דערשפּירט אין די גראָבע מלבושים פון דער דינסט־מויד און משרת׳ל אַ נשמה פון אַ גרויסען יודישען קבוץ מיט אַנ׳איינענטהימליכער שפּראַך? ווער איז דאָס געווען, ווען נישט ש. י. אַבראַמאָוויטש, וואָס האָט שוין דענמאָלסט געשמט אין דער יודישער ליטעראַרישער וועלט אַלס אַ גרויסער העברעער און אַ טאַלאַנטפאָלער שרייבער.

אַבראַמאָוויטש, ווי בעקאַנט, דערצעהלט אין אַנ׳אויטאָביאָגראַפישער נאָטיץ, ווי אַזוי ער איז אַריבער פון דער „מאַדאַם" צו דער „שפחה". ער שרייבט: „אָט בין איך דער, וואָס האָט געזוכט איינצודרינגען אין אינערליכען לעבען פון אַ פאָלק, אום צו שילדערען עס דערנאָך אין דער שפּראַך פון די נביאים. צי איז דאָס נישט אָבער אַנ׳אמת, אַז דער גרעסטער טייל פון פאָלק פערשטעהט גאָר נישט די שפּראַך אין קען נור דעם זשאַרגאָן? צו וואָס נוצט די גאַנצע גייסטיגע אַרבייט פון אַ שרייבער, ווען דאָס פאָלק פערשטעהט איהם נישט? און מיך פערפאָלגט בסדר די פראַגע: פאַר וועמען אַרבייט איך דען? אונזערע ליטעראַטען בעטראַכטען דעם זשאַרגאָן פון אויבען אַראָב און האָ־בען איהם נור פעראַכט. און ווען איינער לאָזט זיך שוין אַראָב אַזוי נידריג, דאָס ער שאַפט עפּעס אין דער פעראַכטעטער שפּראַך,— מהוט ער אַלעס מעגליכע, אַז ס׳זאָל בלייבען די מעשה בסוד,

ווייל דאָס קען אָבשוועכען זיין כּבוד ביי לייטען. דער געדאַנק, אַז שרייבענדיג אין יודיש, וועל איך אויפהויבען געגען מיך די עפֿענטליכע מיינונג, האָט מיך זעהר בעאונרוהיגט, נאָר דאָס בעוואוסטזיין, אַז מיין מהאַט איז נוצליך, האָט סוף כּל סוף אַרויסגערופען ביי מיר אַ טיעפע בושה, וואָס איך טראַכט גאָר וועגען אַזעלכע זאַכען, און איך האָב צו זיך אַליין געזאָגט: זאָל זיין, וואָס עס וועט זיין! איך וועל אַרבייטען צווישען די ערשטע פאַר'ן זשאַרגאָן, און איך וועל נוצליך זיין מיין פאָלק".

די ציטירטע ווערטער צייגען, הויך דעם וועג, ווי אַבראַמאָוויטש איז געקומען צו יודיש, נאָך אַ זאַך. זיי דריקען אויס דעם געדאַנקען, אַז איטליכער שרייבער מוז זיין אַ דיענער ביי'ם פאָלק, מוז שטענדיג האָבען דעם געדאַנקען, אַז די ליטעראַטור האָט נאָר דאַן אַ געקזיסטענץ־בערעכטיגונג, כּל זמן זי דיענט אַ גרויסען קיבוץ, זי גייעט זיך אָב די אינטערעסען פון אַ גרויסען כּלל.

און אַזאַ בעציהונג צו דער ליטעראַטור איז פאַר 50 יאָהר ביי יודען אין רוסלאַנד געווען אַ גאָר נייע בעציהונג. מיט ווענינע אויסנאַהמען, האָבען די שרייבער זיך מעהר געשפּיעלט מיט דעם געדרוקטען וואָרט, זיי האָבען נישט בענומען דעם סאָציאַלען ווערט פון דער ליטעראַטור, האָבען איבערהויפּט נישט פערשטאַנען, אַז מיט דעם כּבוד'יגען נאָמען „שרייבער ביי יודען“ זענען פערבונדען ערנסטע פליכטען און אַ געוויסע פֿעראַנטוואָרטונג.

שלום יעקבֿ אַבראַמאָוויטש איז אויפגעוואַקסען און האָט זיך ענט־וויקעלט אין אַ צייט, ווען אויף דעם הונקעלען הימעל פון רוסישען לעבען האָבען געלויכט אַזוינע שטערען, ווי בעלינסקי, פּיסאַרעוו, גאָגאָל, טורגעניעוו און אַנדערע, בשעת ס'איז געבאָרען געוואָרען ביי די רוסען אַ דור, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע פעראַנטוואָרטונגס־געפיהל פֿאַר זייער פֿאָלק. און די צייט מיט איהרע אידעען און גרויסע קונסט־בענאַבונג האָט אויך בעריהרט דעם יונגען שלום יעקבֿ אַבראַ־מאָוויטש, וועלכער איז צוערשט אויפגעטרעטען אין דער ליטעראַטור אַלס פּובליציסט און קריטיקער און שפּעטער אַלס קינסטלער. ווי פאַרצייטען טורגעניעוו האָט אַראָבגענומען דעם כּישוף פֿון די אויגען מכּה דעם רוסישען פאָלק, דאַדורך וואָס ער האָט איהם פֿאָרגעשטעלט אין זיינע „זאַפּיסקי אָהאָטניקאַ“ אַלס אַ פּיעל־בענאַבטערע, קליגערע,

איידעלערע מאַכע, ווי מען האָט זיך ביז אַהער פאַרגעשטעלט די רוסישע פאָלקס=מאַכע, אַזוי האָט אַבראַמאָוויטש דורך זיינע פיינע אַנאַליזע און דורך די נייע אָריגינעלע אַרט, צו זעהען, וואָס עס טהוט זיך ביי'ם יודען אין האַרצען, — ענטדעקט פאַר'ן לעזער נאָר אַ נייעם שטייגער יודען, מיט גאָר אַ נייע אַרט דענקען און פיהלען. אַלס ביישפיעל פון דער נייער אַרט זעהען װעלען מיר נור נעהמען ביי אַבראַמאָוויטש'ען די נאַטורשילדערונגען, וואָס זענען געפיהלט מיט אַ יודיש האַרץ און בעשריבען געוואָרען אין די ווערטער פון אַ נאַטירליכער פאָלקס=שפּראַכע.

די דאָזיגע שילדערונגען זענען אַן'אמת'ע ענטדעקונג געווען פאַר'ן לעזער. דען אייביג איז מען געווען געוועהנט זיך פאָרצושטעלען דעם יודען מיט אַ פערקאַטערטען נאָז, אַ שוואַכען אויג אויף צו זעהן די שענקייטען אין דער נאַטור. און מיט אַמאָל גיעט אונז אַבראַמאָוויטש אַ בילד פון אַ שטענדיג הייסען זומער=טאָג און שטעלט אונז פאָר אַ נאַטור=פייזאַזש, וואָס הויבען זיך אָן מיט די קלאָר=געמאָלטע יודישע ווערטער:

„דער הימעל איז בלוי, לויטער אָהן אַ פיצעל וואָלקען. די זון בראָט, כמאַליעט. עס וועהט נישט קיין ווינטעלע, מען פיהלט נישט קיין לופטעלע. די תּבֿואה אויף די פעלדער, די בוימער אין די וועלדער שטעהען שטיל ווי צוגעשמידט א. ז. וו. (זעה פישקע דער קרומער).

אָדער באַלד דערויף אין אייגענעם בוך דאָס בילד פון אַ זומער=פאַרנאַכט, נאָך אַ שטיקענדיג הייסען זומערדיגען נאָך=מיטאָג.

דאָס קלאַסיש געמאָלטע בילד פון די בהמות און חיות אין „פישקען", וואָס האָבען זיך פערזאַמעלט ביי די פויערשע וועגלעך פאַר אַ יודישער קרעטשמע, דאָס שטומע און צוגלייך דאָס בערעדעווענדיגע אין דעם אָריגינעלען געמעל — ווייזען, אַז דער יודיש פערמאָגט אַזעלכע אויסדרוקס=מיטעל פאַר דער שטומער לעבעדיגער נאַטור, פון וואָס פאַר אַבראַמאָוויטש'ען האָט מען נאָך קיינמאָל נישט געחלומ'ט אַפילו. און די בעשרייבונג פון שטורם מיט אַ שלאַקס=רעגען אין דער „קליאַטשע" בעווייזען, דאָס די יודישע שפּראַך פערמאָגט אויך גענוג אויסדרוקען, אום צו מאָלען עלעמענטאַרע סטיכישע נאַטור=קרעמפּ=מען.

אַבראַמאָוויטש איז דער ענטדעקער פון דער יודישער נאַטור־בעטראַכ־
טונג, פון יודישען פּייזאַזש, וואָס פליסט אָפט צוזאַמען מיט דער
טרויעריגער נשמה פון מעלאַנכאָלישען יודען. ער האָט, קען מען זאָגען,
מ ג י ר געווען די נאַטור, ער האָט זי אונז געשילדערט מיט אַ שפּראַך,
וועלכע איז ביז איהם נאָך אויף דער וועלט נישט געווען, און וועלכע
פּאַסט אַזוי צום פאָלקס־גייסט פון דער גרויסער יודישער מאַסע. מ.
ראָזענפעלד, טיילהייז פרוג און כמעט אַלע אונזערע הייניגע פּאָ־
עטען שטעהען אין דער נאַטור־שילדערונג אונטער דעם אײַנפלוס
פון אַבראַמאָוויטש'עס שפּראַך. ער האָט ווי ענטפלעקט פאַר אונזער
ליטעראַטור דעם שליסעל צו אַ פערמאַכטער טהיר, אַ צייט לאַנג
פ ע ר מ אַ כ ט פאַר די בעסטע פון אונזערע ליטעראַטען.

ר' מענדעלע האָט אונז בהוש בעוויזען, אַז דער יודישער שפּראַך־
שאַץ האָט אַ גאַנצע רייה פון פּאָעטישע בילדער און פערגלייכונגען,
וועלכע עס זענען נור מעגליך ביי אַ פאָלק, וואָס איז נישט בלינד
צו דער ברייטער, שטומער נאַטור, וואָס איז בכח זי אָנצופילען
מיט איהרע אייגענע געפיהלען, וואָס מעסט די אייגענע נשמה מיט
דער נשמה פון דער נאַטור, מעסט זיך מיט איהר, און לאָזט זיך
מעסטען דורך איהר.

דען וואָס איז דער גרויסער שרייבער און פּאָעט, ווען נישט דער
ג ר ו י ס ע ר ה אָ ר כ ע ר, דער אויפמערקזאַמער פיינפיהלענדיגער א ו י־
ע ר פון פאָלק, צו וועמען ער געהערט אָן. און אויך ש. י. אַבראַמאָוויטש
איז אַלס ערשטער און גרעסטער שרייבער ביי יודען אין 19־טען
יאָהרהונדערט געווען דער האָרכענדיגער אויער פון זיין פאָלק, וואָס
האָט צוערשט ריכטיג בענומען די אייגענאַרטיגקייט פון זיין שפּראַך
און, צוגלייך מיט זיין שפּראַך, זיין פערשטעלטע נשמה, דעם שליסעל צו
אַ פערשלאָסענער טהיר.

צו די פיעלע ענטדעקונגען, וואָס ער האָט געמאַכט בנוגע צום יודישען
כלל — האָט ער נאָך געפונען אין זיין נשמה אַ פעלבעלע, וואָס איז
אַפילו פאַר'ן כלל אַליין געווען אַ וואונדערליכער חדוש.

און לייכט איז איהם געוואָרען דער דאָרניגער וועג פון אַן ענטדעקער,
ווייל איידער ער איז געגאַנגען אַ טריט ווייטער אויף דעם וועג פון
דער שילדערונג פון גלות־יודען, האָט ער פאָראויסגעשיקט זיינע
גאָטגעבענשטע אויערן, אום צו ד ע ר ה אָ ר כ ע ן די שטילע פיינע

גערוישען פון אַ קאָלעקטיווער נשמה. דען סוף כל סוף איז איטליכער טאַלענט, איטליכער גרויסער פּאָעט אַנ׳אויסערקזאַמער האָרכער. ער איז דער גייסטיגער אויער פון זיין פאָלק. און קודם כל האָרכט ער זיך צו צו דער נאַטירליכער שפּראַך פון זיין פאָלק.
שלום יעקב אַבראַמאָוויטש איז דער ערשטער גרויסער האָרכער, דער ערשטער, וואָס האָט מיט גאוני׳שען געהער זיך צוגעהערט צו דער שפּראַך פון זיין פאָלק.
די שפּראַך פון יעדען קבוץ איז דאָס דינסטע לעצטע הייטעל פון זיין נשמה. און ר׳ מענדעלי, וואָס האָט זיך שטענדיג צוגעהאָרכט צו דער יודישער שפּראַך, זיך אייביג געטובל׳ט אין דער יודישער פאָלקס־נשמה — האָט זיך ממילא בעצויגען מיט דעם דאָזיגען הייטעל.
מענען דורות פערגעהן, שטענדיג וועלען מיר מוזען געהן צו ר׳ מענדעלי׳ן לערנען די שפּראַך, אויף וועלכער עס רעדט און טראַכט די יודישע מאַסע, דער יודישער כלל.

———

.II

שלום יעקב אַבראַמאָוויטש האָט אָנגעהויבען צו שאַפען אין דער צייט, ווען די אינעווייניגסטע צוריסענקייט בנוגע צו דער שפּראַך האָט נאָך נישט בעקומען ביי יודען דעם טראַגישען כאַראַקטער. וואָס היינט, די מאַסע פון אַלע קלאַסען האָט געלעבט מיט׳ן זשאַרגאָן און מיט׳ן לשון־קודש. דער פּראָסטער יוד האָט גערעדט אויף מאַמע־לשון, און ווען ער האָט געוואָלט זיין וואָכענדיגע שפּראַך בעפּוצען מיט פליטערלעך, האָט ער אַריינגעבראָקט לשון־קודש׳דיגע ווער־טער. דער יודישער בעל־הבית האָט געשריבען זיינע סוחר׳ישע בריעף אויף אַ לשון־קודש, וואָס איז געווען אַ צוזאַמענגעוואָקסענע פערזוענעניש פון יודיש־דייטש און העברעאיש. די לערנער, די לומדים, די כלי־קודש האָבען זיך אויסגעאַרבייט אַ בית־מדרש־שפּראַך, אַ משונה׳־דיגע שפּראַך פון כפעציאַליסטען־פאַכלייט, און וואו דער תרגום־גמרא־און משנה־לשון האָבען געטאַנצט אַ קאַרעראָד אינאיינעם מיט עברי־טייטש און תהינות־שפּראַך.
צו יענער צייט האָט מען זיך וועניג מצער געווען דערויף, וואָס דער יוד וואַקסט אויס אָהן אַ שפּראַך. אמת, די משכילים האָבען בע־

נוצט דעם בעגריף „אַנ'אומה אָהן אַ לשון“. אָבער די דאָזיגע פראַזע האָט געהאַט ביי זיי גאָר אַנ'אַנדער טייטש, וואָס היינט. דאָס האָט געהייסען, אַז דער יוד בלייבט אָהן אַ לשון, ווען עס קומט איהם אויס צו האָבען צו טהאָן מיט אַ נישט־יודישער בעפֿעלקערונג. נישט צו אַנ'אייגענער שפּראַך האָבען זיי דאַמאָלסט געשטרעבט, נאָר צו דער לאַנדס־שפּראַך, וועלכע איז אַזוי נויטיג דעם יודען אין פּשוט'ן גשמיות'דיגען לעבען, אום זיך צו קענען צונויפרעדען מיט דעם פאָלק, צווישען וועלכען ער לעבט.

ערשט אין די לעצטע 25 יאָהר, ווען עס האָט אָנגעהויבען שפּראָצען ביי יודען אַ נאַציאָנאַלעס געפיהל, איז די שפּראַך־פֿראַגע געוואָרען ביי אונז אַ ברענענדיגע פראַגע, אַנ'אָפּענער וואונד פֿון קראַנקען יודישען אָרגאַניזם. האָטש אַלע טעאָרעטיקער פון נאַציאָנאַליזמוס ביי יודען האָבען זעהר קלוג בעוויזען, אַז אַ פאָלק אָהן אַ טעריטאָריע, אָהן אַ שפּראַך, אָהן וואָס עס איז פאַר אַנ'אויטאָנאָמיע הערט נישט אויף צו זיין אַ פאָלק, — פֿונדעסטוועגען האָט מען אינסטינקטיוו געפיהלט, אַז די עקזיסטענץ פֿון אַזאַ מין פֿאָלק — אַ מין פיינקוכען אָהן פוטער און אייער — קען נישט האָבען לאַנג קיין קיום. און צוגלייך מיט דער שטרעבונג צו אַ טעריטאָריע האָט מען אָנגעהויבען בענקען נאָך אַנ'אייגענער שפּראַך. און אַזוי ווי ביי אונז אָרימע יודען איז שטענדיג דאָ אַזאַ מאָדנע עשירות, וואָס ס'פערמאָגען נישט אַפילו די רייכסטע נאַציאָנען — האָבען מיר פלוצים ענטדעקט ביי אונז צוויי שפּראַכען: יודיש און העברעאיש, איינע — וואָס לעבט אין די ספרים, די צווייטע — אין מויל פֿון פֿאָלק. און באַלד האָבען זיך צווישען די יודישע נאַציאָנאַליסטען געבילדעט צוויי פּאַרטייען: העב־רעאיסטען און יודישיסטען.

ש. י. אַבראַמאָוויטש, וואָס איז נאָך דער גאַנצער ערציהונג זיינער ווייט געווען פֿון די שפּראַכפֿאַנאַטיקער, האָט נישט־ווילענדיג געשפּיעלט איינע פֿון די גרעסטע היסטאָרישע ראָלעס אין דעם דאָזיגען קאַמפּף. אַדאַנק דעם, וואָס ער האָט בעשאַפען דורך זיינע קינסטלערישע און פאָלקספּובליציסטישע ווערק אַ ליטעראַטור פֿאַר דעם אָרעמען יודיש, האָט ער איהם ממילא געגעבען אַ פעסטונג, הינטער וועלכער די יודישיסטען פערפאַנצערען זיך, ווען דער שטומער העברעער מיט זיין שטאָלצער ליטעראַטור־שפּראַך פאַלט אָן אויף דעם לעבענדיגען

יודיש, וואָס איז נישט בכּח געווען צו שאַפן עפּעס אייביגעס. חאָטש אַ שטיקעל ליטעראַטור. דער יודישיסט פּאָכט זיך דאַמאָלסט, ווי מיט אַ שטאַרקן כּלי-זיין, מיט ר׳ מענדעלי׳ס נאָמען, און טייטעלט מיט די פינגער אויף אַ „פישקע דעם קרומען“, אַ „ווינשפינגערל“, אַ מסעות בנימין השלישי“, אַ „ר׳ שלמה ר׳ חיים׳ס“, אַ „קליאַטשע“, וואָס זענען ביי איהם די סימבאָלען פון עכטע קונסטווערק, פון טייערע פאָלקספובליציסטיק, פון אַ פראַכטיגען הומאָר, פון אַ טיעפער סאַטירע, די סימבאָלען פון דעם יודישען גלות-לעבען נישט נאָר אין דער לעצטער צייט, נאָר אויך פון גלות-לעבען אין אַ משך פון הונדערטער יאָהרען, צייט דער גלות האָט אָנגענומען דעם פּנים אין דעם הליך פון דער פויליש-ליטווישער וועלט און איהר נאַטור.

ר׳ מענדעלי, וואָס איז צייט די אַכציגער יאָהרען געוואָרען דער רעפאָרמאַטאָר פון דער העברעאישער פראָזע-שפראַך און האָט אַזוי אויפגעלעגט אַזוי פיעל גאוניש כּחות אום זיך צוריקצוקעהרען צו דער שפראַך, פון וועלכער ער האָט זיך מיט אַ דור פריהער מיט אַ כּין אָבגעווענדט — איז נישט בכּח געווען אויסצומעקען די היסטאָרישע טהאַט-זאַכע, וואָס ער האָט איינמאָל פאַר אַלע מאָל בעשאַפען. ער האָט דעם זשאַרגאָן דערהויבען צו אַ הויכער מדרגה, ער האָט פאַר איהם אויסגעאַרבייט אַ יחוס-בריעף פון אַ שפראַך מיט אַלע רעכטען פון אַ נאַטירליכער, פאָלקסטימליכער שפראַך. און אויך שפּעטער, ווען שלום יעקב אַבראַמאָוויטש האָט דורכגעפיהרט די רעפאָרם פון דער העברעאישער שפראַך — האָט ער עס נור צו פערדאַנקען דער טהאַט-זאַכע, וואָס ער האָט צוזאַמענגעפּאָרט דעם גייסט פון דער זשאַרגאָן-שפראַך איניינעם מיט דעם גייסט פון משנה- און מדרש-לשון. אַזוי ווי דער גערטנער פערפלאַנצט אַ יונג צווייגעל אין שטאַם פון אַן אַלטערען בוים, אום צו בעקומען דערנאָך פרישע שפּראָצונגען, אַזוי האָט אַבראַמאָוויטש פערפלאַנצט דעם יודישען גלות-גייסט אין אַלטען בוים פון משנה-גמרא-און מדרש-גייסט און בעקומען דאַדורך אַ נייע בעשעפעניש ווי אַ „בסתר רעם“ און אַזוי ווי.

און ווען דער מאָדערנער העברעאיסט פיהרט אַ מלחמה מיט׳ן יודישיסטען, מוז ער נעבעך הערען די טענה, אַז ווען נישט דער יודיש, וואָס האָט זיין יונג בלוט איבערגעגאָסען אין אַלטען העברעאיש, וואָלט שוין לאַנג פון לעצטען קיין זכר נישט געווען אין געזעהנליכען

טעגליכען געברויך; אַז נאָר דעם קלאַסיקער און שעפּער פֿון דער יודישער ליטעראַטור, ש. י. אַבראַמאָוויטש, וואָס האָט געהאַפּט דעם שטייגער פון זשאַרגאָנישען גלות־יודען, וואָס האָט בענומען דעם גייסט פון פשוט׳ען, וואָכענדיגען מאַסען־יודען — האָט דער היינטיגער העברעאיכט צו פערדאַנקען, וואָס יודישע קינדער לייענען אַמאָל אַ העברעאיש קינדער־זשורנאַל, וואָס דאָס העברעאיש האָט אויפגעהערט צו זיין אַ „לשון־קודש“, זונדערען אַ וואָכענדיגע שפּראַך מיט דעם גייסט פון מאַרק, פֿון פֿאָלק, פון דער מאַסע, מיט דעם גייסט פון פֿעראַכטעטען זשאַרגאָן.

אום צו בעגרייפען די גרויסע איבערקערעניש, וואָס ר׳ מענדעלי האָט געמאַכט מיט זיינע יודישע ביכער אין גייסט פון פֿאָלק, לאָמיר נעהמען די ווערטער פון ר׳ מענדעלי׳ן אַליין, ווען ער שילדערט אונז אַ יודיש קינד, וואָס האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אויף ריינעם לשון־קודש. „שלמה׳לע נאָך אַ יונג קינד איז פערוואָגעלט אין מצרים, אין די לענדער פון סיחון און עוג מלך הבשן און נבוכדנצר מלך בבל, דער קאָפּ ליעגט איהם אין ים־סוף, אין דעם ים המלח, אין דעם טייך פרת, אין דעם ירדן. פאַר איהם געפינען זיך מיני מענשען, מיט וועלכע מען דאַרף ריידען לשון־קודש, עפּעס גאָר תרגים. מען זיצט ביי זיי אין די געצעלטען, מען רייט אויף מויל־אייזלען און קעמלען, מען טרינקט פון אַ „לאָגעל“, מען געהט באָרפיס און טראָגט נאָזבאַנדען, אַלצדינג ווי דער שטייגער איז. אונזער נאַטור דאָ מיט איהרע געוועקס... געהער זיך מיט שלמה׳לען נישט אָן. וואָס מאַכט איהם אויס פעלדער מיט תבואה — קאָרען, רעטשקע, קאַרטאָפּלעס, פון וואַנען ער עסט אַ „קרופּניק“ מיט ברויט אַלע טאָג? וואָס וויס ער אַ סאָסנע, בערעזענע און דעמבענע בוימער? ער וויס נאָר ביי זיך אין האַרצען: ווייננערטנער, טייטלען, פייגען, מילגרוימען און אייל־בערטען, פימסענהאָלץ און באָקסען־בוימער. פון לעבעדיגע מיני בע־שעפעניש וויס ער אַ הויזלטיער, אַ לינדעגוואָרם און אַ פּיפּערנאָטער, אַ לעמפּערט, אַ אינד, וואָס טהוט טהאָן געלוסטען אויף קוואַלען וואַסער, אַ שור־הבר און אַ טורקעל־טויב. הכלל, שלמה׳לע איז נאָר אַ ג ע ב י ר ט י ג ע ר דאָ און אַליין איז ער עפּעס ווי נ י ט ק יי ן ה י ג ע ר, ל ע ב ט ערגעץ דאָרט, דאָרט... זיין צייט איז — פ אַ ר צ יי ט ע ן, און זיין וועלט איז אַ י ע נ ע, וואָס אַמאָל; דאָ איז ער אַ גר און דאָרט—

אַנ'אַלטגעזעצענער; ער קומט אַהיים נאָר אויף אַ ווײלע, ווי אַ גאַסט אויף דער סטאַנציע, עסט אָב, נעכטיגט איבער — און מאַרש אַהין, ווייטער טאַקע אַהין". (ז. שלמה ר' חיים'ס ז. 39). אַהאַנק זיין „פישקע'ן" און אַנדערע ווערק האָט ר' מענדעלי געמאַלט פון דעם נישט הינען, פון דעם גר אַ קאַבצאַנסקען תושב, אַ רעאַלען מענשען, וואָס לעבט שוין נישט מעהר אויף אַנ'עולם=התהו. דאַדורך וואָס ער האָט זיך בענוצט מיט דער שפּראַך פון לעבענדיגען כלל, האָט ער ווי מיט אַ כשוף פערטריבען די פּיפּערנאָטערס און לינדענווערם, די פאַנטאַסטישע, מטושטש'ע בילדער, וואָס האָבען פאַר'ן אויג פערשטעלט די לעבעדיגע רעאַלע וועלט. און שפּעטער, ווען צוליעב פערשיעדענע סבות האָט ער ההמנות בעקומען אויפ'ן לשון=קודש, וואָס צוליעב זיין ראָמאַנטישען כאַראַקטער האָט ער אויפגעהערט צו זיין אַ רעאַלע לעבענסקראַפט — האָט ער געוואָלט ווי מעגליך איינצובריינגען אין איהם די העויות דעם ריטמוס, דעם קנייטש פון פּראָסטען יודיש, האָט ער געפּרובט איהם געבען דעם לעבענס=פולס פון דיינטיגען יודען. דער לעזער, וואָס פערטיעפט זיך היינט אין אַ „בעמק הבכא", (אַנ'אויטאָריזירטע איבעראַרבייטונג פון „ווינשפינגערל" אין העברעאיש), פיהלט שוין נישט דאָס, וואָס אַמאָל דער קליינער שלמה'לע, ווען ער האָט נישט דערקענט אַ דעמבאָווען בוים, וואָס איז געוואַקסען נישט ווייט פון זיין הדר, און וואָס האָט געחלומ'ט וועגען אַ „צעדער אין לבנון", וואָס זיין אויג האָט דאָס קיינמאָל נישט געזעהען און נאָר נישט געהאַט די מעגליכקייט צו זעהען.

זעלטען ווען אַ נאָטגעבענשטער טאַלענט האָט אַזוי בעוויזען די קראַפט פון פעראַכטעטען, נערעדטען יודיש, ווי דער וואָס האָט יאָהרען לאַנג זיך אָבגעגעבען צו דערפרישען, בעניען און צו מאָדערניזירען דעם העברעאיש. קיין בעסערען בעוויז קען מען נישט ברענגען פאַר די לעבעדיגקייט און קראַפט פון דער פאָלקס=שפּראַך, ווי די טהאַטזאַכע, אַז מען מוז זיך גראָבען אין זיין גייסט אום אָבצופרישען דעם אַלטען אָבגעלעבטען קערפּער פון דער אַריסטאָקראַטישער אַלטער העברעאישער שפּראַך.

מען דערצעהלט אַ מעשה, אַז אום צו ראַטעווען איינעם אַ פויבסט פון אַלטער=שוואַכקייט, וואָס האָט זיך גענומען ענדיגען מיט'ן טויט, האָבען אַ פּאָר פּראָסטע יונגע לייט געלאָזען איבערגיסען זייער יונג=

בלוט אין צוקגייטשטען אַלטען קערפּער פון זקן. פון דער אָפּעראַציע װענען, פעבעך, די יונגע לייט גיך אַװעק פון דער װעלט, װעהרענד דער זקן איז אויפגעשטאַנען אַ געזונדטער, לעבעדיגער פון בעט. דאָס איינענע האָט שלום יעקב אַבראַמאָװיטש געטהאָן מיט דעם אַלטען לשון־קודש. דער חלוק איז נאָר דער, װאָס דער יודיש איז נישט דאָס בלוט פון עטליכע יונגע לייט, זיין גייסט שטאַמט פון אַ גרויסען קבוץ און ער האָט אַ הונדערט־יאָהריגע היסטאָריע. די אָפּעראַציע, װאָס אַבראַמאָװיטש האָט געמאַכט, פערזשאַרגאָנירענדיג דעם העברעאיש, האָט דעם יודיש נישט אָבגעשװאַכט. אַדרבה, ער האָט בולט בעװיזען, װי נויטיג עס איז זיין קיום, דאַמיט עס זאָל סטאַיען בלוט אויף װייטערדיגע אָפּעראַציעס.

———

.III

עס װעט נישט זיין קיין גוזמא, װען מיר װעלען זאָגען, אַז מיט אַבראַמאָװיטש'ען הויבט זיך אָן אין דער ליטעראַטור דאָס ר ע אַ ל ע פערהעלטעניס פון יודען צו זיך אַליין. אָדער רעדענדיג מיט ר' מענדעלע'ס װערטער: דער נישט היגער יוד װערט מיט אַמאָל אַ היגער. אין „מסעות בנימין השלישי“ גיט אונז אַבראַמאָװיטש אַ הומאָרפולען בילד פון דער גייסטיגער ענגשאַפט פון יודישען לעבען אין מיטען פון 19־טען יאָהרהונדערט. בנימין און זיין חבר סענדערל די יודענע — אַ מין דאָן קישאָט און סאַנטשאָ־פּאַנחא — װייזען אונז די צװיי נעגענזעצע פון דאַמאָלסדיגען יודישען לעבען, דעם אידעאַליס־טישען און דעם פּראַקטישען. איןביידע שטעלען זיך אַרויס פאַר אונז אין זייער פינסטערער בלינדער גייסטיגער בעגרענצטקייט. אין „פישקען“ און „װינשפינגערל“ װייזט אונז ר' מענדעלע דעם יודען אין זיין גשמיות'דיגען און גייסטיגען לעבען. מיר זעהען דעם יודען ביי דער טאָרבע, ביי דער גרויסער יודישער טאָרבע, מיר זעהען איהם אין זיין קאַמפף פאַר אַן אָרעמע שטיקעל הונה. און צו אונזער גרויסער פערװאונדערונג בעמערקען מיר, אַז אַלץ, װאָס דער יוד טהוט אום זיך צו דערנעהרען, אַז זיין גאַנצעס מאַטעריעלעס לעבען איז אַזוי אָרעם, גייסטיג עלענד און טראָגט מעהר אויף זיך די סמנים פון אַ לעבען; אין דער אֶמת'ן איז דאָס אַ נאַרישער, בלינדער קאַמפף מיט

די תּאוות פֿון אַ מאָגען, וואָס איז „נישט גרעסער פֿון אַ כּזית”, וואָס איז אײַנגעשרומפּען פֿון נישט עסען. אַלע יודישע עסקים האָבען עפּעס אַ טעם, ווי די בּאַוועלנע ציצה, וואָס זעהט זיך אַרויס פֿון אַ יודענ'ס קאַפּטאַן. עס איז מעהר נישט ווי אַ זכר צו דעם אַמאָליגען תּכלית. מיט די אַמאָליגע שענע פֿראַנזען פֿון אַ יודישען בּגד האָט דאָס נישט מעהר צו טהאָן, חוץ דעם נאָמען זיינעם.

דאָס אייגענע איז מיט דער יודישער רוחניות, חאָטש זי גיט אַ גרויסע לינדערונג דעם יודישען קבּיץ און בּערוהיגט אָפט דעם געוועה־טאָגטען יודען אין קלויז בּיי אַ בּלאַט גמרא, אָדער בּיי אַ הוניש שטי־קעל — דאָך האָט זי קיין שום שייכות נישט צו דעם לעבּעדיגען קאָכענדיגען טאָג אַרום.

דאָס יודישע גייסטיגע לעבּען איז אַזוי אָבּגעריסען פֿון זיין מאַטער־יעלען לעבּען, ווי דאָס לעצטערע פֿון לעבּען בּכלל.

אין אַבּראַמאָוויטש'עס וועלט איז דער יוד צוריסען אין מעהרערע שטיק און ער מאַכט אויף דעם בּעאָבּאַכטער דעם איינענעם אַיינדרוק, ווי מאַנכע ריעזען־שלאַנגען, וואָס מען האָט אָבּגעהאַקט דעם קאָפּ פֿון לייבּ: כּוי דאָס לייבּ מאַכט קאָנוואולסיווע בּעוועגונגען, סיי דער קאָפּ שטעקט אַרויס זיין צונג און האַפּט זיך בּייסען מיט זיינע גיפֿטיגע ציינער. דער יוד אין קלויז איז נאָר אַ האַלבּער יוד; אויפ'ן מאַרק איז נאָר דער לייבּ זיינער. און אין ערגעץ איז ער נישט קיין גאַנצער, און אומעטום איז דאָס נאָר אַ זכר פֿון אַ לעבּעדיגע בּעשעפֿעניש.

מיט אַבּראַמאָוויטש'ען הויבּט זיך אָן די גאַנצע פֿעראַכטונג צו אַ קבּוץ, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט דעם געדאַנקען, אַז דער אויבּערשטער אַליין האָט זיי אויסדערוועהלט צווישען אַלע פֿעלקער, און וואָס איז אין דער אמת'ן דער ערגסטער עקזעמפּליאַר אונטער די פֿעלקער, וואָס לעבּט שטענדיג אַ האַלבּען לעבּען, וואָס שלעפּט־נאָך נאָך זיך אַ טויטען גוף, און טראָגט אויף זיך אַ מוח פֿון אַ פֿער'חלומ'טען נישט היגען מענשען.

אַ דאַנק ר' מענדעלע'ס רעאַליזם האָט דער יוד זיך דערפֿיהלט אַלס אַ בּריה, וואָס איז דורך און דורך נישט צוגעפּאַסט צום לעבּען, האָט זיך אָנגעהויבּען אַ קלערערעס קריטישעס פֿערהעלטניס צו זיך אַליין, אַלס צו אַ קינד פֿון אַ פֿאָלק, וואָס פֿאָדערט נייע אידעאַלען אום אויסגעבּויט צו ווערען.

שלום יעקב אבראמאָוויטש, וואָס איז אַ קינד פון דער השכלה־
עפּאָכע, וועלכע האָט צוערשט אָנגעהויבען רעאַל צו דענקען, האָט
טיעפער בעגריפען די אידעען פון זיין עפּאָכע, אַלס אַלע אַנדערע
פון זיינע צייט־חברים. אין דער צייט, ווען די מייסטע פון דער עפּאָכע
האָבען זיך נאָר בעגנוגענט מיט אַנ'אויבערפלעכליכער קריטיק — האָט
ער געניפען פאַנאַנדערצוגליעדערען דעם גרויסען יודישען קבוץ, די
הויפּט־סבה פון אַלע יודישע נישט־נאָרמאַליטעטען. און ווען מיר
ווילען פעראייניגען די רינגען פון אונזער היינטיגער צייט מיט דער
צייט פון דער השכלה־עפּאָכע — מוזען מיר זיך צוערשט פעראייניגען
מיט אַבראַמאָוויטש'ען, וועלכער איז דער נאַטירליכער איבערגאַנג פון
היינט צום אַמאָל. און ווען מען נעהמט אין בעטראַכט די הויפּט־
מעלה פון ר' מענדעלי'ס שאַפען, וואָס אין דער קרוין פון זיינע ווערק־
דענמאָלסט ווערט אונז דאָס אַ סך קלערער.
די הויפּט־מעלה פון אַבראַמאָוויטש'ען בעשטעהט אין דער פאַנטאַזיע
צו זעהען אין איטליכען פרט דעם כלל, און איינצעלנעם דאָס אַל־
געמיינע און אַזוי דאָס קונציג צו מאָלען, אַז אויס יעדען פרט שיינט
אַרויס דער כלל. אין דאָס קאָנען נאָר די, וואָס זעהען דאָס לעבען
סינטעטיש, ביי וועמען דער שטראָם פון מענשליכען קיום צופאַלט
נישט אין איינצעלנע טראָפּענס. נור די נשמה, וואָס טובל'ט זיך אין
אַ ברייטערען לעבען, ווי דאָס אייגענע פערזענליכע, וואָס זעהט די
וועלט נישט דורך די שפּאַקולען פון אייגענעם ענג־עגאָאיסטישען
בליק, איז בכח צו זעהען און צו פיהלען שטענדיג דעם גרויסען כלל,
די אַלגעמיינע נשמה פון אַ קבוץ. און ביי וועניגען פאָר און נאָך
אַבראַמאָוויטש'ען געפינען מיר אַזאַ ברייטען סינטעטישען קוק אויפ'ן
יודישען לעבען.

————

.IV

צייט ש. י. אַבראַמאָוויטש האָט אָנגעהויבען שאַפען, זענען אַוועק
50 יאָהר. און האָטש דאָס יודישע לעבען האָט זיך אין דער צייט
געענדיגט אַ ביסעל, דעננאָך האָט עס נישט בעוויזען איינגאַנצען
אויסצומעקען די גרונדציגע פון יודישען לעבען. נאָך עד היום זעהען
מיר פאַר זיך די וואָכענדיגע קדושה אין יודענ'ס לעבען,
ווי ר' מענדעלע האָט אונז עס געשילדערט אין זיינע פערשיעדענע

ווערק, ד. ה. דער געגענזאַץ פון נייכטיגען און מאַטעריעלען לעבען אין אונז און דער כח זיי צוזאַמענצומישען, אָבער זיי נישט צו פעראייניגען. נישט אויסגעמעקט איז נאָך פֿון דער צייט די גרימאַסע, די העוויות פון דער יודישער גאַס, ווי ס'האָט זיי געזעהען ר' מענדעלע אויף די ירידען און אויף יודישע אַסיפות און אַז. וו. שלום=עליכם, וואָס רופט זיך אַליין אָן „דער ליטעראַרישער אייניקעל פון ר' מענדעלי“, האָט 25 יאָהר נאָכאַנאַנד — ווייטער אנטוויקעלט און פערברייטערט דאָס בילד, וואָס אַבראַמאָוויטש האָט איהם אָנגעצייכנט. מנחם=מענדעל פון יהופיץ, וואָס איז אַזוי נאָהענט צו אונזער צייט, איז אַ לייבליכער קרוב סיי פון ר' אַלטער'ן, סיי פֿון פישקען, סיי אַפילו פֿון ר' מענדעלען אַליין. אין די קליינע שטעדטלעך, אַפילו אין אַ „שטעדטעל“ פֿון אַש, לעבען נאָך היינט די אייגענע געמיטה'כע שטימונגען, וואָס אַמאָל אין קאַבצאַנסק. אַלס בעסטער בעוויז קען דיענען טאַקע „דאָס שטעדטעל“ פון אַש, וואו מאַנכע ימים=נוראים=מאָטיווען זענען מיט אַנדערע ווערטער נאָר איבערגע'חזר'ט געוואָרען, וואָס אַבראַמאָוויטש האָט שוין געשילדערט אין זיין „ווינשפינגערל“.

ר' מענדעלי, נישט קוקענדיג אויף די 50 יאָהר, איז איינגעדרונגען אין אונזער נייעסטער ליטעראַטור אומעטום, זיין איינפלוס, זיינע שפורען געפינען מיר ביי די עלטערע, ווי ביי די יונגסטע פֿון די יונגסטע. מען דאַרף נישט זיין קיין טיעפער קענער, אום דאָס צו האַפען אויפ'ן ערשטען בליק. נאָך עד היום לעבען אונזערע יונגע מיט דעם פסיכאָלאָגישען סינטעז, וואָס ר' מענדעלי האָט זיך געמאַכט מכח דער יודישער מאַסע. און אַזוי ווי דאָס נייע לעבען האָט נאָך נישט בעשאַפען, נאָך דער אַלגעמיינער צוריסענקייט, אַ נייעם כלל'ישען יודישען פנים, האָבען מיר דערווייל קיין אַנדער סינטעז, חוץ דעם, וואָס עס האָט אונז געגעבען אַבראַמאָוויטש.

דאָס אַליין איז נויטיג צו דערמאָנען דעם לעזער, ווען ער געהט צו צו דער יובילעאום=אויסגאַבע פון ר' מענדעלי'ן. וואָס טיעפער ער וועט שטודירען די נייע אויסגעבעסערטע און פאָלשטענדיגע אויסגאַבע, אַלין טיעפער וועט ער דערפיהלען, דאָס אַבראַמאָוויטש, נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ער שרייבט שוין 2 דורות, איז איינער פון די, וואָס שטעהען אונז אַם נאָהענסטען פון אַלע יונגע. הייל מען

בעקומען אַ טיעפערען בעגריף פון יודישען קבוץ, מוז מען געהן צו די וואורצלען פון יעדען קבוץ. און ערגעץ זענען אָבער די וואָרצלען נישט אַזוי נאַקעט אַהיינגעשטעלט פאַר אונזערע בליקען, ווי אין די ווערק פון אַבראַמאָוויטש.

אין ים פון יודישען לעבען איז ר׳ מענדעלי די העכסטע פיגור. ווילען מיר מעסטען די ווייטקייט אונזערע, קוקען מיר זיך איין אויף איהם. ווילען מיר וויסען, ווי ווייט מיר זענען געגאַנגען פאָראויס, וואַרפען מיר אונזער בליק אויפ׳ן „זיידען״, און ווילען מיר גענויער בעגריפען דעם פנים פון היינטיגען יודישען לעבען, קוקען מיר זיך גענוי צו צו די העויות פון ר׳ מענדעלי׳ן.

און בעת אַנדערע האָבען שוין מיטעלערע ווערען פערגאָסען, שטעהט ער נאָך אַליין אַ קאָפּ העכער פאַר אַלע זיינע יאָהר־חברים אין טאַלענט, ער איז דער שפּיץ טהורם. נאָך וועלכען מיר מעסטען די מיילען פון אונזער גלות־רייזע. נישט איטליכען איז בעשטימט צו זיין אַ מאַסשטאַב פאַר די ווייטערע ענטוויקלונג פון אַ פאָלק.

פאַר דעם טיעפערען לעזער איז שלום יעקב אַבראַמאָוויטש אונזער זיכערסטער מאַסשטאַב.

# מעמוארען-ליטעראַטור.

I

װען פּריװאַטע מענשען צייכענען־אויף אויף פּאַפּיר זייערע לעבּענס־ערינערונגען און גיבּען דאָס אַליין אַרויס, אָדער עס װערט אַרויסגעגעבּען דורך זייערע יורשים — זאַמעלט זיך מיט דער צייט בּיי אַ פֿאָלק אַ ליטעראַטור, װאָס טראָגט אויף זיך דעם אויבּענדערמאָהנטען נאָמען.

בּיז פֿאַר 150 יאָהר צוריק איז געװען די דאָזיגע ליטעראַטור זעהר אָרים בּיי אַלע פֿעלקער. מענשען האָבּען נאָך ניט פֿערשטאַנען, װי װיכטיג דאָס איז פֿאַר דעם קומענדיגען דור צו לייענען די פּראָסטע, אמת'ע נאַאיװע לעבּענס־בּעשרייבּונגען פֿון זייערע עלטערן און זיידעס. ערשט פֿאַר הונדערט יאָהר צוריק האָט מען אָנגעהויבּען צו שעצען זייער גרויסע װערדע, ערשט דעמאָלט, װען עס האָבּען זיך בּכלל גענומען געװאַלטיג ענטװיקלען די היסטאָרישע װיסענשאַפֿטען, האָט מען אָנגעהויבּען צו פֿערשטעהן, װי װיכטיג, װי טייער עס איז אַזאַ ליטעראַטור פֿאַר אַ פֿאָלק, װאָס האַלט זיך אין איין ענטװיקלען, אין איין פֿאָרװערטס־מאַרש.

אַם מייסטען צייכענען זיך אויס מיט אַזאַ ליטעראַטור איצט די ענגלענדער, דאָס עלטעסטע פֿון די געבּילדעטע אייראָפּעאישע פֿעלקער, דערנאָך — די פֿראַנצויזען, און צולעצט — די דייטשען. אויך בּיי די רוסען פֿעהלט נישט אַזאַ ליטעראַטור, כאָטש זי קאָן זיך נישט פֿערגלייכען אין רייכקייט מיט אַנדערע פֿעלקער.

בּיי אונז, יודען, איז די דאָזיגע ליטעראַטור כמעט נישט פֿאַרהאַן; מען דאַרף שוין זיך בּעגנוגענען מיט קליינע מאמרים'לעך און אָבּגעריסענע נאָטיצען, אויבּ מען װיל געפֿינען בּיי אונז אַ סימן דערפֿון.

ס'איז אַ מערקווירדיגע זאַך! גראָד דאָס עלטעסטע געבילדעטע פֿאָלק אויף דער וועלט, וואָס האָט דורכגעלעבט אַזוינע געוואַלטיגע שנוּיים אין די יאָהרהונדערטען, גראָד מיר, וואָס האָבען שוין געהאַט אין יהודה הלוי'ס צייטען אַזאַ פיינעם חוש פֿאַר דער היסטאָריע, גראָד מיר, וואָס האָבען צווישען אונזערע ערשטע ביכער אָבגעגעבען אַזאַ גרויסען פלאַץ דער געשיכטע און האָבען שוין העכער אַ פאָר טויזענד יאָהר אַ „דבֿרי הימים“ — פֿערמאָגען נישט דאָס, וואָס עס פֿערמאָגען יונגערע און ווייניגער געבילדעטע פֿעלקער, ווי מיר.

און ווען מען בעדענקט, אַז דאָס מזל האָט אונז אַזוי גערודפֿ'ט. דאָס מיר האָבען אין משך פֿון אונזער לאַנגען לעבען פֿערלאָרען אַזוי פֿיעל „דבֿרי הימים'ס“, וואָס ווערען דערמאָהנט אין תנ"ך — דוכט זיך אַמאָל אויס, אַז אַ בייזער שׂר געוועלטיגט איבער אונזערע זכרונות, און וויל מיט אַלע מיטלען זיי אויסצוראָטען פון די קינדס=קינדער'ס לעזער=בליקען.

אין משך פֿון די יאָהר=טויזענדער האָט זיך געביטען דער יוד אין זיין אויסערער הלבשה, אין זיין אויסערער לעבענס=אַרט, אין זיינע מנהגים, אין זיין שפּראַך, אין זיינע לעבענס=פּלענער, אין זיין הלוך און לעבענס,הדרכות אפֿשר צעהנדליגער=צעהנדליגער מאָל. און אין ערגיץ געפֿינען מיר נישט קיין זכר דערפֿון אין דער ליטעראַטור, וואָס איז הויפּטזעכליך דערצו בעשאַפֿען. דען די מעמואַרען=ליטעראַטור בעשעפֿטיגט זיך געוועהנליך נישט מיט גאַנצע עפּאָכען און מיט ווייטלויפֿיגע דמיונות. איהר אויפֿגאַבע איז צו פּראָטאָקאָלירען רוהיג, וואָהרהאַפֿטיג און געטריי די געוועהנליכע לעבענס=עפּיזאָדען פֿון געוועהנליכען מענשען אין זיין געוועהנליכען פּראָזאַאישען לעבען. זי גיט זיך אָב נור דערמיט, וואָס זי ווייזט אונז דאָס מ אָ ל ע ק ו ל אַ ר ע, שטילפֿליסענדע לעבען פֿון אַ געוועהנליכען בשׂר ודם אין אַ געוויסער עפּאָכע. זי אינטערעסירט זיך מיט יעדער קלייניגקייט, הן בנוגע צו דעם אַרט וואוינען, עסען, קליידונג, הן צו די אַלע טאָג=טעגליכע מניעות, וואָס קומען פֿאָר אין אַ געוועהנליכען פֿאַמיליען=לעבען אין אַ משך פֿון די 60—70 יאָהר, וואָס אַ מענש טראָגט אויף זיך די לעבענס=לאַסט. זי ווייזט אונז פשוט, אָהן קונ-

צען, די אַטמאָספֿערע, וואו עס האָבען געעטעמט טויזענדעֶר־טויזענדער מענשען אין אַ געוויסער עפּאָכע. דער שרײַבער פֿון אַזאַ בוך ווייסט אַליין נישט, וויפֿיעל ווארימקײַט און לעבעדיגקײַט ער גיסט אַרײַן אין קאָפּ פֿון וויסענשאַפֿטליכען היסטאָריקער, וואָס פּרובֿט אַרומנעהמען גאַנצע דורות. ער גיט איהם אַזאַ טײַערן מאַטעריאַל, וואָס איז קוים צו פֿערגלײַכען מיט די שטיינערנע און געמאָלטע פּאָרטרעטען, וואָס הענגען און שטעהען אין די מוזעאומס און וואָס בלייבען אַזוי די גרויסע געשיכטס־ווערק. איין זײַטעל פֿון שאַצקעס „ערבֿ פּאַר פּסח“ אין ערשטען קאַפּיטעל, וואו ער מאָלט, לויט זײַנע זכרונות, אַ יודיש הויז מיט אַלע זײַנע כּלים און דערבײַאיגע צודאַטען אין די 50—60־ער יאָהרען — גיט אַ גרעסערע פֿאָרשטעלונג פֿון אינעווענינגסטע יודישען לעבען, ווי צעהן פֿײַנע גלאַטע מאמרים מיט ציפֿער און פֿערשיעדענע סבֿרות וועגען דער יודישער קולטור אין דערזעלבער צײַט.

דאָס בוך „שלמה רב חיים'ס“, אַזאַ מין מעמואַרען־ווערק פֿון ש. י. אַבראַמאָוויטש, איז פֿיעל טײַערער פֿאַר דעם היסטאָריקער און דעם דענקענדיגען לעזער, ווי מאַנכע גרויסע פֿילאָזאָפֿישע אָבהאַנדלונגען מכּח דער יודישער ראַסע און די טבֿע פֿון זײַן גזע. דאָס נישט־געענדיגטע בוך פֿון מרדכי אַהרן גינזבורג'ס זכרונות איז פֿאַר יעדען, וואָס אינטערעסירט זיך מיט זײַן צײַט, אום געניער צו בעגרײַפֿען די הײַנטיגע צײַט, איינס פֿון די טײַערסטע ווערק פֿאַר אונז, און מיט עגמת נפֿש לעגען מיר אַוועק דאָס ביכעל, וואָס איז נישט דערגאַנגען ביז צום סוף. אייגענע לעבענס־ערינערונגען, זעלבסט־ביאָגראַפֿיען, די אויסערע בעשרײַבונג פֿון אַ געוויסער סבֿיבֿה, וואו אַ מענש האָט פֿערבראַכט זײַנע יאָהרען, פּערזענליכע אײַנדריקע פֿון בעגעגענישען מיט בעוואוסטע מענשען, מיט די גדולי הדור, ערצעהלונגען, פּערזענליך דורכגעלעבטע, וועגען צרות הרבים, וואו דער ערצעהלער, אַלס יחיד האָט דורכגעלעבט דאָס אייגענע אומגליק, די דאגות און ענויים ביי זוכענישען פֿון אַ פּרנסה און דעם צער גדול בנים — קורץ, אַליץ, וואָס איז שייך צו אַ לעבען פֿון אַ מענשען, פֿון אַ עהרליכען, וואָהרהאַפֿטיגען מיטעלן מענשען, וואָס פֿיהלט זיך אינ־

סטינקטיוו אַלס גליעד פֿון אַ גרויסען קבוץ — האָט אַ גרויסען אונשעצבאַרען ווערטה, פֿאַרוואָס דער געלעהרטער היסטאָריקער קאָן זיך נישט געגוג אָבדאַנקען.

אודאי, זענען דאָ טעמים, פֿאַרוואָס דער יוד האָט קיינמאָל נישט געמאַכט אַזעלכע אויפֿצייכנונגען פֿון זיין געוועהנליכען, פּשוט'ן לעבען, ווי קינדער פֿון אַנדערע פֿעלקער. ערשטענס, איז זיין לאַגע קיינמאָל נישט געווען אַזוי פֿעסט, אַז ער זאָל זיך זעצען אין מנוחה און נעהמען פֿערצייכענען אויף דער עלטער די שיקזאַלען פֿון זיין לעבען. ביז די גראָהע האָהר, ביז צום סאַמען טויט דאַרט איהם דער מח וועגען אַ זיכערער פּרנסה, און נאָך ביי דער גסיסה ליעגען איהם אין קאָפּ די דאגות חיונה.

שטענדיג, ווען איך קלער וועגען דעם, מוז איך זיך נישט ווילענדיג דערמאָהנען אָן דעם זקן ברוך דעם קרעמער, וואָס איז קרוב צו אַ יאָהר 90 שטאַרק קראַנק געוואָרען, בעקומען אַ לעהמונג און געהאַלטען ביים שטאַרבען. ווען איך בין צו איהם אַריינגעקומען מבקר חולה זיין און האָב איהם געפֿרעגט, וואָס ער מאַכט? — האָט ער מיט אַ שוואַכען קול און אַ זיפֿץ געענטפֿערט: „נישטאָ קיין פּרנסה... דער אויבערשטער זאָל זיך מרחם זיין. די צייטען זענען שטאַרק געשלאָגען“... דער יוד האָט נאָך אויף דער עלטער נישט דערלעבט צו דער אינעווייניגסטער רוה פֿון אַ נשמה, וואָס פֿערלאַנגט שוין גאָרנישט פֿון דער וועלט און באָדט נור זיינע רעיונות אין די ערינערונגען פֿון דער פֿערגאַנגענהייט.

נור דאָס איז נישט דער איינציגער טעם. צווישען מיליאָנען פֿערזאָרגטע יודען וועט איהר נאָך געפֿינען אַזוינע, וואָס האָבען די אייגענע רוהיגע נשמה פֿון זקנים, וואָס פֿערלאַנגען שוין גאָרנישט און לעבען נור מיט די ערינערונגען זייערע

דער יוד איז אָבער בטבע אויף דער עלטער, ווי אויך אין די מיטעלע יאָהרען, אַ מין קהלת, וואָס טענה'ט: „אין כל חדש תחת השמש“; ער האָט וועניג בושה פֿאַר די אויסערע פֿאָרמען פֿון אַ לעבען, וואָס בייט זיך מיט די יאָהרען. איהם אינטערעסירט מעהר דער תוך און, לויט זיין פֿילאָזאָפֿיע, בייט זיך נישט דער תוך פֿון אַ מענשליך לעבען, נאָר די אויסערע פֿאָרמען זיינע.

ער האָט קיין חוש נישט פאַר די חצוניות פֿון אַ מענשליכען קיום און וויל נאָך נישט צוגעבען, ווי דאָס טענה'ט די היינטיגע וויסענשאַפט, אַז אויך די אויסערליכקייטען ווערען צו אינערליכקייטען, אַז דער וואוקס פֿון אַקינד אין מוטער־לייב הענגט נישט נור אָב פֿון די גע'ירש'ענטע אייגענשאַפטען, וואָס ליעגען אין דער זרע, נאָר אויך פֿון דעם, וואָס ס'עסט און טרינקט די שוואַנגערע מאַמע.

דריטענס, ליעגט נאָך טיעף אין בלוט פֿון פשוט'ן יודען, אַז די וועלט איז גאָרנישט, און אַז דאָרטען, יענע וועלט, איז די אמת'ע וועלט. עס שפּיעלען ביי איהם אַ צו קליינע ראָליע די פֿריידען און פּיין, די הנאות און ליידען, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען; ער האָט בכלל וועניג בושה פאַר אַ לעבען פֿון אַ פשוט'ן בשר ודם, וואָס לערנט נישט קיין תורה, אָדער וואָס גראָבט זיך נישט אין די וויסענשאַפטען. ער האָט וועניג אָבשיי פֿאַר זיך אַליין, צו זיין אייגענער פשטות, צו זיין אייגענעם לעבענס־שטראָם, וואָס איז דער שטראָם פֿון מיליאָנען זיינס־גלייכען.

אַלע די טעמים ברייגען דערצו, אַז די מעמואַרען־ליטעראַטור שטעהט ביי אונז זעהר נידעריג, נידעריגער ווי עס האָט געדאַרפט זיין.

II

וועלכע פּרובען האָט מען געמאַכט, אום צו שאַפֿען אַזאַ מין ליטעראַטור? זעהר וועניג. כמעט איין איינציגען. איך מיין דער מיט די זאַמעל־ביכער „פּערעזשיטאָיע", וואָס זענען אין פּעטער־בורג די לעצטע יאָהרען אַרויסגעגעבען געוואָרען פֿון אייניגע געבילדעטע היסטאָריקער מיט דעם געוועזענעם רעדאַקטאָר פֿון „פֿריינד" ה' שאול גינזבורג אָן דער שפּיץ. חאָטש צוגלייך מיט דער אונטערנעהמונג עקזיסטירט אויך אַנ'אויסגאַבע פֿון דער יודישער היסטאָרישער געזעלשאַפט, וועלכע בעשעפֿטיגט זיך ספּעציעל מיט דער יודישער געשיכטע אין רוסלאַנד, דאָך האָבען די דאָזיגע אויסגאַבען אַ מעהר ספּעציעל־היסטאָרישען חאַראַקטער און אינטערעסירען זיך וועניג מיט דער שאַפֿונג פֿון אַ מעמואַרען־ליטעראַטור. דאַגעגען דער רעדאַקטאָר פֿון „פּערעזשיטאָיע"

האָט אין זײַן אויפֿרוף צו די לעזער שטאַרק מטעים געווען די וויכטיגקײַט פֿון מעמוארען, און דערמיט ממילא דערוועקט דעם חשק בײַם לעזער צו געבען דורך זײַנע אייגענע אויפֿגעצייכענטע לעבענס־ערינערונגען די בוי־שטיינער פֿאַר אַ יודישער געשיכטע אין רוסלאַנד.

האָבען די רעדאַקטאָרען פֿון „פערעזשיטאָיע“ פֿערשטאַנען די אויפֿגאַבע זייערע, אָבער האָבען, ליידער, נישט פֿערשטאַנען, ווי צו מאַכען דערפֿון אַ ממשות'דיגע זאַך. שוין דאָס אַליין, וואָס זיי האָבען די זאַמעל־ביכער אַרויסגעגעבען אויף רוסיש, בעווײַזט, וואָס פֿאַר אַ קרומען דרך זיי האָבען זיך גענומען: וועלען בעשאַפֿען אַ מעמואַרען־ליטעראַטור, און צוגלײַך זיך אָבקעהרען פֿון דער שפּראַך, אויף וועלכער עס רעדט און טראַכט דער גרעסטער טייל פֿון פֿאָלק. דאַדורך, וואָס זיי האָבען גענומען רוסיש פֿאַר זייער מעמואַרען־שפּראַך, האָבען זיי בעשאַפֿען אַזאַ מין בעשעפֿעניש, וואָס, חוץ אַ געלעכטער, קאָן דאָס נישט אַרויסרופֿען קיין שום טיעפֿערן אינטערעס. גראָד דאָס, וואָס איז אין אַזאַ ליטעראַטור דאָס טײַערסטע: די טרײַקײַט, וואָהרהאַפֿטיגקײַט, די תּמימות און דאָס פֿערזונקען זײַן אין תּהום פֿון די אייגענע ערינערונגען אָהן שום כּוונות עמיצען צו געפֿעלען, פֿאַר עמיצען צו מאַכען חנד'לעך — גראָד דאָס פֿעהלט אין די יודישע מעמואַרען פֿון אונזערע זקנים, ווען זיי הויבען אָן שרײַבען רוסיש. איך וויל נור ברייגען איין בײַשפּיעל.

דער אַלטער געשעצטער פּאַפּערנאָ דערצעהלט אין זיינע מעמואַרען וועגען ните-видѣнія (ציצית), ремни-филактеріи (תּפֿילין), און בעת מעשׂה האָב איך אַ קלער געטהון: פֿאַרוואָס געברויכט ער נישט דעם אמת'ן וואָרט „ציצית“, אָדער „תּפֿילין“, אָנשטאָט אַזוינע ווערטער, וואָס קיין רוס אויף דער וועלט פֿערשטעהט דאָס נישט, וואָס איז נאָך דעם גײַסט פֿון דער רוסישער שפּראַך (нити-видѣнія) אַזוי האַמעטנע און אומגעלומפּערט? און איך האָב זיך פֿאָרגעשטעלט אַ תּלמיד פֿון דעם אַלטען ראַבינער־סעמינאַריום, וואָס, ווי אַ פֿאַרצײַטיגער ניקאָלאַיעווסקער „דיאַדקע“ מיט זיין יונ'ישער דיסציפּלין, לעבט ער נור מיט זיין גראַמאַטיקע קירפּיטשניקאָוו, און וואָס דאָס וויכטיגסטע איז בײַ איהם, ווען ער

שרייבט זיינע זכרונות אויף רוסיש, — נישט צו מאכען, חלילה, אַ גראַמאַטיקאַלישען גרייז און זיך פיין אויסצוקירעווען אויף דער רוסישער שפראך. דער אייגענער פּאַפּערנאָ, ווען ער שרייבט יודיש, אָדער העברעאיש, איז גאָר אַנ'אַנדער מענש. שרייבט ער אָבער רוסיש, ווערט ער גאָרנישט צו דערקענען, — אַזוי קאָמיש איז ער.

אויסערדעם, האָט „פּערעזשיטאָיע“ זיך באַלד אַזוי אַוועקגעשטעלט, צוליעב דער רוסישער שפראך (וואָס אָהן דעם קאָנען זיך נישט בעגעהן אונזערע מאָטעלער־פּעטערבורגער אינטעליגענטען), אַז זיי האָבען נישט געקאָנט וועקען צו זיך קיין אינטערעס ביי די גרויסע מאַססען פון דעם עולם זקנים, וואָס נעהמען אַזוינע ביכער נישט אריין אין די הענד, ווייל זיי פערשטעהען דאָס נישט.

די בעלעבער פון אַ מעמואַרען־ליטעראַטור האָבען זיך אָבגערייסען גראָד פון דעם יעניגען עולם, וואָס טראָגט אין זיין בוזעם די וויכטיגסטע ערינערונגען. זיי האָבען באַלד געמאַכט אַ מחיצה צווישען אַ מענשען, וואָס האָט „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ“ (און ממילא איז ער דאָך שוין לייטישער, אינטעליגענטער, ווי אַ תחום־יוד!), און כלל־ישראל. די אַרויסגעבער פון „פּערעזשיטאָיע“ האָבען דוקא פערגעסען דעם פּשוט'ן פּאַקט, וואָס איטליכער סטודענט פון דער געשיכטע ווייסט דאָס אויסגעצייכענט, אַז די מעמואַרען־שרייבער זענען צושפּרייט אין דער גרויסער מאַסע פון פאָלק, ווי ראַדיום־קערענדלעך אין די מינעראַלען, אַז וואָס גרעסער מען שפּרייט אויס די נעץ, אַלץ עפּטער קאָן מען פאַנגען אַ רעכטען פיש. זיי דאַגעגען האָבען גענומען אַ קליין ווענדטקעלע און האָבען זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ שטעהענדיגען זומפּעלע און האָבען זיך מכין געווען חאַפּען אין אַנ'אָבגעשטאַנענעם האַלב־טויטען וואַסער'ל אַ העכטעל. און ס'איז קיין וואונדער נישט, אַז זיי האָבען אָנשטאָט פיש געחאַפּט — פּיויקעס.

———

דער פּרוב פון אונזערע פּעטערבורגער אינטעליגענטען, הייסט עס, איז נישט געלונגען. דעם גאַנצען געררויש, וואָס ס'איז געוואָרען אַרום זייער אונטערנעהמונג, האָבען די תחום־יודען נישט דערהערט.

ווי וואָלט דאָס אַנדערש געוואָרען, ווען די אייגענע מענשען וואָלטען זייער אויפֿגאַבע געפּרובֿט געבען אַ ריין־פֿאָלקסטימליכֿע ווענדונג, ווען זיי וואָלטען זייערע זאַמעל־ביכֿער אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען אויף יודיש!

מיינט נישט, אַז די אייגענע קולטורעלע חבֿרות, וואָס האָבען געשטיצט „פּערעזשיטאָיע“, וואָלטען זיך אָבגעזאָגט צו שטיצען די אייגענע זאַך, ווען זיי וואָלט געווען אַרויסגעגעבען געוואָרען אין יודיש. דאָס, וואָס קאָן נוצען ברייננגען דער צוקינפֿטיגער היסטאָרישער וויסענשאַפֿט — ווייסט נישט פֿון קיין שפּראַכֿען־פֿראַגע. די וויסענשאַפֿט איז אַזוי פּונקט אַזוי פּראַקטיש, ווי דער סוחר. די הויפּט־זאַך איז דער ריוח, נישט די שמועסען מכּח „דער גלייכֿבערעכֿטיגונג פֿון די דריי יודישע שפּראַכֿען“, מיט וואָס אונזערע מאָטעלער־פּעטערבורגער יודען מאַכֿען פֿול די דיסקוטיר־אָווענדען אין זייערע חבֿרות.

האָבען דאָך די אייגענע קולטור־חבֿרות אין פּעטערבורג געגעבען געלד אויף אַרויסצוגעבען אין יודיש די יודישע פֿאָלקס־ליעדער? און צי איז שוין אַזוי גרויס דער חלוק פֿון מעמואַרען און פֿאָלקס־ליעדער? אודאי, דערגרייכֿען נישט אַלע מעמואַרען, וואָס אָנבעלאַנגט ריינקייט, וואָהרהאַפֿטיגקייט און תּמימות צו דער מדרגה פֿון אַ פֿאָלקס־ליעד. אָבער אייניגע פֿון זיי זענען נישט ווייט פֿון דער דאָזיגער מדרגה. און אויך נישט אַלע פֿאָלקס־ליעדער זענען ריינע פֿאָלקס־ליעדער. אַ סך פֿון זיי, וואָס די ה״ה פּ. מאַרעק און ש. גינזבורג האָבען געזאַמעלט און פֿאַר וועלכֿע מיר זענען זיי אַזוי דאַנקבאַר, זענען גיכֿער גאַסען־ליעדער, וואָס האָבען אַ קלענערן ווערטה פֿאַר דעם פֿאָלקלאָריסט, ווי אמת׳ע פֿאָלקס־ליעדער.

בקצור, איך שטעל זיך נישט פֿאָר אַזאַ יודישע קולטור־חבֿרה, וואָס וואָלט נישט געשטיצט די אייגענע אויסגאַבע אין יודיש, ווי אין רוסיש. אפֿשר וואָלט אַוועק דערויף אַ פּאָר אָווענדען אין ויכּוחים, אָבער די עקשנות פֿון די פֿערבלענדטע אינטעליגענטען וואָלט נישט שווער געווען צו ברעכֿען.

און ווען איך שרייב די דאָזיגע ווערטער, האָב איך נאָך אַלץ נישט פֿערלוירען די האָפֿנונג, אַז דער „פּערעזשיטאָיע“ אין רוסיש וועט נאָך ערשיינען אין דעם לבֿוש פֿון פֿאָלקסטימליכֿען

יודיש; און טאַקע אונטער דער השגחה פֿון דעם אייגענעם ה״ שאול גינזבורג, וואָס האָט אַזוי פֿיעל אמת׳ע ליעבע צו דער יודישער געשיכטע אין רוסלאַנד, צו די קלענסטע לעבענס-מנהגים און צום יודישען פֿאָלקס-געזאַנג.

בינו לבינו, איז נאָך גאָרנישט געטהון געוואָרען, כדי צו ענט-וויקלען די מעמואַרען-ליטעראַטור ביי אונז.

צום שלוס פֿון קאַפּיטעל מוז איך נאָך דערמאָהנען דאָס נישט-לאַנג ערשיענענע בוך „מעמואַרען פֿון אַ גראָסמוטער״, פֿון פֿרוי וועננגעראָוו, אין דייטשען. אויך דאָס בוך האָט די פֿעהלערן, וואָס מיר געפֿינען ביי די מיטאַרבייטער פֿון „פערעזשיטאָיע״, ווייל זיי האָבען אויסגעקליבען פֿאַר זיך זייער נישט-נאַטירליכע שפּראַך. פֿרוי וועננגעראָוו קאָן נעביך נישט קיין דייטש. איהרע מעמואַרען, ווייל עס האָט זיי געפֿעהלט די נויטיגע תמימות, זע-נען פֿון איהר דיקטירט געוואָרען אויף האַלב דייטשמעריש און אַ מהנה סטודענטען און סטודענטקעס. ווי איך ווייס, האָבען „גע-פּראַוועט״ די שפּראַך, עס זאָל אַרויסקומען הויך-דייטש, חאָטש דערפֿון זענען די זכרונות נישט אַלע מאָל אַרויס מיט גאַנצע אברים. די אַלטיטשקע, וואָס האָט נאָך געקענט ליליענטאַל׳ן, האָט נישט געפּאַסט צו זיין אַזוי פּראָסט, נאַאיוו און וואָהרהאַפֿ-טיג ווי אַ „גליקעל פֿון האַמעלען״ אין זיעבצעהנטען יאָהרהונדערט, ביי וועמען עס פֿלעגען פֿערקערען פֿירסטען און גרויסע לייט. און וואָס האָט זיך נישט געשעמט צו שרייבען דעם דעמאָלדיגען פּראָסטען מאַמע-לשון.

III

וואָס פֿאָדערט זיך פֿון אַ מענשען, וואָס פֿערצייכענט זיינע לעבענס-ערינערונגען, דערמיט, אַז דאָס פֿערצייכענטע זאָל האָבען אַ ווערט פֿאַר דעם געבילדעטען לעזער, ווי פֿאַר דעם וויסענשאַפֿטליכען היסטאָריקער? צי דאַרף מען דערצו האָבען אַ ספּעציעלע פֿאָרבעריי-טונג, וואָס מען בעקומט דאָס נור אין די שולען און אוני-ווערזיטעטען? צי פֿאָדערט זיך דערצו אַ גרעסערע בעלעזענהייט אין דעם דאָזיגען מין ליטעראַטור, ווי בכלל אין דעם פֿאַך, וואָס האָט אַ געוויסע שייכות צו דער היסטאָריע פֿון איינצעלנע מענ-שען, ווי, למשל, היסטאָרישע מאָנאָגראַפֿיעס, ביאָגראַפֿיעס, טאַ- 66

גע-ביכער פון גרויסע מענשען א. ד. גל.? ענדליך צי געהערט דערצו א געוויסע ליטעראַרישע בילדונג, אָדער, ווייניגסטענס, צי דאַרף מען האָבען דערצו געוויסע ליטעראַרישע פֿעהיגקייטען?

אַודאי. שאַדט נישט, ווען אַ מענש, וואָס נעהמט שרייבען זיינע מעמואַרען, פֿערמאָגט אַלע די מעלות, וואָס מיר האָבען אָקאָרשט אויסגערעכענט. אָבער עס וואָלט געווען אַ שעדליכער טעות צו מיינען, אַז אָהן דעם איז אונמעגליך צו נעהמען אַנ'אָנטייל אין דער בעשאַפֿונג פֿון אַזאַ ליטעראַטור. דען פֿריהער פֿאַר אַלץ איז וויכטיג ביים מעמואַרען-שרייבער די וואָהרהאַפֿטיגקייט און די תמימות, און גראָד פֿון אַלע די דאָזיגע פֿאָרבעדיינגונגען קאָן אַמאָל ליידען אונזער נאַטירליכעס פֿערהעלטניש צו אונזערע אייגענע לעבענס-ערינערונגען.

אַ מענש, וואָס שפּירט אין זיך דעם חשק צו פֿערצייכענען דעם דורכגעגאַנגענעם וועג פֿון זיין לעבען, דאַרף צוגלייך שפּירען ביי זיך, אַז נישט ער אַליין האָט דורכגעמאַכט אַזאַ וועג, אַז אינ-איינעם מיט איהם זענען געגאַנגען דעם אייגענעם וועג טויזענדער אַנדערע, אַז אין זיין לעבען, ווי אין אַ רעגען-טראָפּען שפּיעלען זיך אָב די שטראַהלען פֿון דער זון, און אַז דער גרויסער טייך איז נישט מעהר ווי אַ געזעמעל פֿון מיליאָנען אַזוינע רעגען-טראָפּענס. צוגלייך פֿיהלט ער בתמימות, אַז דאָס, וואָס עס לעבט היינט אַ מענש, חזר'ט זיך קיינמאָל נישט איבער אין לעבען ביי צווייען אויף אַ מאָל. עס געפֿינען זיך נישט אין דער נאַטור צוויי גלייכע אַרבעס, צוויי גלייכע מענשען ווערען מיר שוין אַודאי ניט גע-פֿינען. דער איינצעלנער מענש איז סיי אַ טראָפּען אין ים צווישען מיליאַרדען זיין-גלייכען, סיי אַ פּעריל אין דעם ים, וואָס האָט שוין נישט קיין פּאָר צו זיך. אָדער מיט אַנדערע ווערטער: דער ריכטיגער מעמואַרען-שרייבער פֿיהלט צוגלייך, אַז אַלץ, וואָס ער האָט דורכגעלעבט, האָט אַנ'אַלגעמיינעם סאָציאַלען ווערטה, און איטליכע בעגעבענהייט פֿון זיין לעבען איז אינטערעסאַנט, ווי אַ זעלטענע מעשה. ער פֿיהלט צוגלייך זיין וויכטיגקייט און זיין אינטערעסאַנטקייט. און גראָד די ביידע דמיונות ווערען זיך גיבען איהם דעם מוטה רוהיג און בעזועסען צו בע-שרייבען איטליכע קלייניגקייט פון זיין אויסוויינגסטען און אינעווי-

ניגסטען לעבען, וואָס האָט געמאַכט אויף איהם ווען=עס=איז אַשטאַרקען רושם. דערביי געוועלטיגט נאָך איבער דעם מעמואַרען=שרייבער אַ דריטע מחשבה. אַקוראַט, ווי ער פֿיהלט, אַז דער פּעריל אין ים האָט נישט פֿאַר זיך קיין פּאָר, דאָס קיין זאַך אין דער נאַטור חזר'ט זיך נישט איבער אינגאַנצען, אַזוי חזר'ן זיך נישט איבער די צייטען פֿון מענשליכע דורות. ער קוקט אויף זיין צייט מיט די אייגענע ברחמנות'דיגע אויגען, ווי אויף זיך אַליין, אויף זיין אייגענעם גוף און זיין אייגענער נשמה. עס טראָגט זיך צום קבר אַ צייט, עפּיס אַ ליעבע ממשות'דיגע זאַך, און עס ווילט זיך חאָטש אויף פּאַפּיער, אין געמאָלטען וואָרט, איבערלאָזען פֿאַר דורות זיינע אויסערע סמנים. ליעבט מען אָבער אַ זאַך, שאַנעוועט מען נישט קיין מיה און מאַטערנ'ש זיך אָבצוגעבען מיט יעדער פּיצעלע פֿון דער זאַך. אַליין בעקומט דעמאָלט אַ בעדייטונג, דאָס גרעסטע, ווי דאָס קלענסטע.

אַלע די דאָזיגע דמיונות און געפֿיהלען קריגט מען נישט גראָד צוליעב ביכער. אַודאי איז אַ בעלעזענער מענש אין פֿיעל זאַכען ענטוויקעלטער, אָבער ערשט דעמאָלט בעקומט ער פֿון לייענען די ריכטיגע ענטוויקלונג, ווען צו דער בעלעזענקייט קומט אַ ריינע, וואָהרהאַפֿטיגע נאַאיווע נשמה. דאָס לעצטע איז די הויפּט=זאַך, פֿון לייענען אַליין ווערט מען נאָך נישט קיין מעמואַרען=שרייבער.

ס'איז אינטערעסאַנט, אַז גראָד די מעמואַרען=ביכער, וואָס האָבען אין דער לעצטער צייט געמאַכט אַנ'איינדרוק אויף די געבילדעטע אייראָפּעאישע וועלט, זענען געשריבען געוואָרען פֿון פּשוט'ע אַרבייטער.

איך בין בטוח, אַז אויך ביי אונז, יודען, געפֿינען זיך אַ סך פּשוט'ע מענשען, מיט די נויטיגע געפֿיהלען צו פֿערצייכענען זייערע לעבענס=ערינערונגען; זיי האַלטען אָב נור די איינגערעדטע מחשבות, אַז דאָס וואָס אַנ'איינפֿאַכער, נישט=געבילדעטער מענש שרייבט אויף — האָט קיין בעזונדערן ווערטה נישט. און דערום האַלט איך פֿאַר בעזונדערס נויטיג אַ ביסעל וועלוועלער צו מאַכען אין די אויגען פֿון לעזער די וויכטיגקייט פֿון דער בלויזער בעלעזענהייט.

ווען מען פֿערגלייכט דאָס געוועהנליכע לעבען פֿון אַ פּשוט'ן יו־דען מיט דעם לעבען פֿון אַ מענשען ביי אַנ'אַנדער נאַציאָן — מוז מען נישט־ווילענדיג ערהייד נשתּומם ווערען פון דעם גרויסען הלוק צווישען זיי ביידען. שוין דאָס אַליין, וואָס דער יוד איז כּמעט אַנ'אייביגער עמיגראַנט, וואָס מענשען און לענדער נעהמען ביי איהם צו די ערד אונטער די פֿיס און צווינגען איהם, צייטענ־ווייז, צו לעבען אַ לעבען פֿון אַ פֿיש און פֿון אַ פֿויגעל — מאַכט דעם געוועהנליכען לעבענס־גאַנג פֿון אַ פּשוט'ן יודען פֿאַנטאַס־טיש און „העכסט אינטערעסאַנט“, ווי מען שרייבט אונטער'ן טיטעל פֿון מאַנכע ראָמאַנען. „די אויפֿצייכנונגען פֿון אַ יודישען עמיגראַנט“, וואָס זענען צוגלייך די אויפֿצייכנונגען פֿון כּמעט אַ האַלבען יודישען לעבען, וואָס וואָלטען אין סאָציאַלען און אין אינדיווידועלען זין אַזוי הערטפֿול געווען פֿאַר'ן געבילדעטען ווי פֿאַר'ן היסטאָריקער, — וואָלטען — איך בין בּטוח דערין — נישט מאַכען קיין קלענערן רושם אין דער אייראָפּעאישער וועלט, ווי די דערמאָהנטע מעמואַרען פֿון די אַרבייטער. די זכרונות פֿון אַ פּשוט'ן יודען, וואָס האָט אויף די אייגענע פּלייצעס דורכ־געלעבט די צייטען פֿון די דריי קיסרים אין רוסלאַנד, קאָן אונז אַ סך מעהר דערצעהלען און ממילא דערקלערען, ווי צוואַנציג אַנדערע געלערנטע ביכער.

און אַלע די מעמואַרען וואָלטען מיר געקאָנט שוין אפֿשר לאַנג האָבען, ווען מיר וואָלטען זיך בּעפֿרייט פֿון צוויי פֿאַלשע דמיונות. ערשטענס, פֿון דעם דמיון, אַז זכרונות קאָן נור אונז געבען די אַזוי גערופֿענע אינטעליגענץ פֿון פֿאָלק, און, צווייטענס, ווען דער פּשוט'ער קלוגער יוד וואָלט זיך אָנגעהויבען העכער שע־צען בּנוגע צו דעם וועג, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אין זיין לעבען.

———

צום שלוס פֿון מיין אַרטיקעל האַלט איך פֿאַר וויכטיג פֿאָר־צולעגען די לעזער פֿאָלגענדען פּלאַן. אין יעדער שטאָדט, וואו עס איז נור דאָ אַ יודיש־קולטורעלע חבֿרה, וואָלט איך פֿאָרגע־שלאָגען צו מאַכען אין דער חבֿרה אַ סעקציע פֿאַר יודישע מע־מואַרען. זאָלען זיך אָבטיילען פֿון דער חבֿרה איינינע פּערזאָן, וואָס

פֿאַרשטעהען צו שעצען די זכרונות פֿון דער פֿערגאַנגענהייט, און בילדען אַ קליינע ספּעציעלע גרופּע, וואָס זאָל צוערשט שאַפֿען פֿאַר זיך אַ ספּעציעלע ביבליאָטעק פֿון מעמואַרען־ליטעראַטור אין אַלערליי שפּראַכען. זאָלען זיך אָט די איינינע מענשען צוזאַמענקומען אין געוויסע צייטען אין חודש און זיך אָבגעבען איינינע שטונדען מיט אַנ׳אונטערהאַלטונג איבער אייגענע און פֿרעמדע זכרונות. צוגלייך זאָלען זיך די לייט פֿערפֿליכטען פֿון צייט צו צייט פֿאָרצולייענען זייערע אייגענע אויפֿגעצייכענטע זכרונות, וואָס האָט אַנ׳אַלגעמיינעם כאַראַקטער אָדער אַ מעהר אינדיווידועלען. אַלע די רעפֿעראַטען, נאָטיצען און בעמערקונגען דאַרפֿען ווערען גענוי פּראָטאָקאָלירט און בלייבען אין אַרכיוו פֿון דער סעקציע.

און די פֿעסטע איבערצייגונג, אַז עס וועט אַמאָל קומען אַ צייט, ווען מען וועט זאַמלען די נאָטיצען, ווי די גאָלדקערנער, הערט אַוודאי שטענדיג בעגייסטערען די דאָזיגע וויכטיגע סעקציעס.

# צו דער יודישער טעאַטער־פּראַגע.

עס איז געוואָרען אַ מאָדע צו רעדען וועגען קריזיס אין יודישען טעאַטער. מען איז שוין נאָר נישט מסופק, אַז עפּעס האָט זיך אין איהם געענדערט צום שלעכטען, אַז אַמאָל האָט דאָס טעאַטער געהאַלטען אין וואַקסען און בליהען און איצט איז עס אין אַ מצב פון ירידה, פון אונטערגאַנג. מען בעטראַכט נאָר די מיטלען, ווי אָבצושטופען דעם שרעקליכען גזר־דין, צו געפינען די פערבעהאַלטענע סבות פון קריזיס און ממילא עפענען געגען זיי אַ מלחמה און זיי גובר זיין. און קיינעם פאַלט נישט איין אַ קלער צו טהון: אפשר איז די גאַנצע מעשה וועגען קריזיס נישט געשטיגען און נישט געפלויגען, אפשר האָבען מיר קיין רעכט נישט צו ריידען וועגען אַ קריזיס פון אַ זאַך, וואָס האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין טראַדיציעס, וועלכע איז נאָך נישט דערוואַקסען צו דער מדרגה, פון צו זיין אַ יודישער לעבענס־פאַקטאָר.

אייגענטליך קען מען קיין טענות נישט האָבען צום גייסטיגען יודען, וואָס האָט אין אַ משך פון צוויי דורות אָנגעהויבען מיט גאָלדפאַדען און געענדיגט מיט די דראַמעס פון פּרץ און אַש. אונזער דראַמאַטישע ליטעראַטור איז נישט נור געוואַקסען אין צאָהל, נאָר אויך אין איהרע פּראָבלעמען. גאָלדפאַדען, גאָרדין, פּינסקי, פּרץ הירשביין און שלום אַש — זענען די עטאַפּען, וואָס עס איז דורכגעגאַנגען אונזער דראַמאַטישע ליטעראַטור, — און מען דאַרף שוין זיין אַ געבאָרענער מעלאַנכאָליקער. אום נישט צו וועלען מודה זיין, אַז מיר זענען נישט געבליבען אויף איין אָרט. און נישט נור אונזערע דראַמאַטיקער האָבען צוגעגרייט מאַטעריאַל פאַר'ן טעאַטער, אויך איז אויפ־

געשטאַנען בײַ אונז אַ נייער סאָרט טאַלענט: אַנ׳אַקטיאָר, וואָס איז בכּח צו פּערקערפּערן דעם געדאַנקען פֿון דראַמאַטיקער אין אַ קלאָרע מענשליכֿע געשטאַלט. צווישען דעם אַלטען אַדלער ביז צו רחל קאַמינסקאַ שטעהען אויסגעצייכֿנטע אַקטיאָרישע טאַלענטען, וואָס קענען פֿעראינטערעסירען מיט זייער שפּיעל אויף דעם גרעסטען מפֿונק. ווען מען דערמאָהנט זיך אָן גאָלדפֿאַדענ׳ס צייטען, וואָס איז אַרומגעפּאָהרען מיט זיין „טרופּ" („טרופּע" האָט ער נישט געוואָלט זאָגען, ווייל סך הכּל איז בעשטאַנען זיין טרופּע פֿון איין מענשען) פֿון שטאָדט צו שטאָדט, און איין מענש איז געווען אי אַ זינגער, אי אַ שפּיעלער, אי אַ זכר, אי אַ נקבֿה — זעהט מען בולט, ווי ווייט מיר זענען געגאַנגען פֿאָרוועַרטס.

אַלזאָ פֿון ריין שעפּפֿעריש-ליטעראַרישען שטאַנדפּונקט און פֿון טעכֿניש-טעאַטראַלען, קען מען געוויס נישט ריידען וועגען אַ קריזיס אין יודישען טעאַטער. און דער גאַנצער געשריי וועגען קריזיס נעהמט זיך דערפֿון, וואָס די טעאַטער-אונטערנעהמער, ווי איטליכֿע סוחר׳ישע אונטערנעהמונג, האָבען איינגעזעהן, אַז „חינקע-פּינקע" און „יודעלע קלאַפּ" גיבען אַ פֿולע קאַסע, בעת פּרץ, פּינסקי און אַש, אַפֿילו יעקבֿ גאָרדין זענען נישט די דראַמאַטיקער, וואָס מאַכֿען פֿול די גאַליאָרקע און דעם פּאַרטער. צוגלייך מיט די טעאַטער-אונטערנעהמער האָבען איינגעזעהן די יודישע אַקטיאָרען, אַז זייער גאַזשע שטייגט מיט „יודעלע קלאַפּ" און פּאַלט, ווען זיי שפּיעלען אַ גאָרדינ׳שע שטיק. אין מאַטעריעלען לעבען שפּיעלען סענטימענטען אַ קליינע ראָלע. אַז ס׳איז גלייכֿער זיך צו רעכֿענען מיט׳ן געשמאַק פֿון ברויט-געבער, ווי מיט דעם רצון פֿון עטליכֿע פֿערשייטע אינטעליגענטען, וואָס האָבען אפֿשר גוטע אידעען, אָבער פּוסטע קעשענעס.

און עס קומט-אויס, אַז נישט דאָס טעאַטער לעבט דורך אַ קריזיס, נאָר די יודישע מאַסע, וואָס איז אַוועק פֿו׳ן גאָרדין צוריק צו לאַטיינער.

ובכֿן, קומט אויס, אַז ווען מען רעדט פֿון אַ קריזיס אין יודישען טעאַטער, מיינט מען גאָר דעם קריזיס כּלומר׳שט אין עסטעטישען געשמאַק פֿון דעם יודישען פּובליקום, וואָס געניסט אַ יודישען טעאַטער. און דאָס איז שוין גאָר אַנ׳אַנדער

פֿראַגע, וועלכֿע ווערט נישט פֿערענטפֿערט מיט די געווענליכֿע אינטעליגענטסקע תירוצים.

אין נומער „צוקונפֿט“ (אַפּריל 1910) ערקלערט הערר קאָבּרין דעם שנוי אין געשמאַק פֿון פּובּליקום מיט דעם, וואָס דאָס יודישע פּובּליקום האָט זיך אויפֿגעהערט צו שעמען פֿאַר די יודישע ראַדיקאַלען. סיי דאָס פּובּליקום, ווי די אַקטיאָרען, האָבּען פֿריהער שטאַרק אָבּשיי געהאַט פֿאַר אַ יודישען ראַדיקאַלען און, ווי אַנ'עבֿד נכֿנע, פֿלעגען זיי טהאָן וואָס ער הייסט. היינט אָבּער איז פֿאַרבּיי די בּושה און דער עבֿד נכֿנע איז געוואָרען זיין אייגענער בּעל־הבּית. און דאָס איז דאָך שוין ידוע, אַז כּל זמן דאָס פּובּליקום לאָזט זיך פֿיהרען אויפֿ'ן שטריקעלע פֿון יודישען ראַדיקאַל, איז דאָס ראוי צו אַ גאָרדינ'ס דראַמע. וויבּאַלט אָבּער עס הערט אויף דעם מדריך צו פֿאָלגען — פֿערגעסט עס משה'ס תּורה און בּויט זיך אַ גאָלדענעם עגל. דאָס פּובּליקום האָט אַראָבּגעוואָרפֿען פֿון זיך די קנעכֿטשאַפֿט, אַוועקגעוואָרפֿען גאָרדינ'ען און אַוועק צו לאַטיינער, וואָס ווייזט דעם עולם אויף דער טעאַטער־בּימה מיידלעך אין קורצע קליידלעך און גרינע זעקלעך.

די ערקלערונג איז גאָר נישט אַזוי נאַריש, ווי זי זעהט אויס אויפֿ'ן ערשטען קוק. קאָמיש איז נאָר, וואָס קאָבּרין שטעהט אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז אַ פּובּליקום מוז זיך שעמען פֿאַר אַ ראַדיקאַלען יודען און דאַרף אונטערדריקען זיין נאַטירליכֿען געשמאַק, ווייל „דער רבּי האָט אַזוי געהייסען“. אַ נייער רמ"א האָט זיך בּעוויזען אויף דער יודישער גאַס, דער יודישער ראַדיקאַל, וואָס אַסר'ט דעם פּובּליקום אַ טעאַטער־פֿערגעניגען אין דעם זין, ווי ער פֿערשטעהט דאָס.

גערעכֿט איז ה' קאָבּרין, אַז דער יודישער ראַדיקאַל האָט אַמאָל געהערשט אויף דער יודישער גאַס. און עס האָט זיך בּעקומען דעריבּער, דאָס דאָס יודישע פּובּליקום האָט אַ ווײַלע אונטערדריקט זיין נאַטירליכֿען געשמאַק, אָבּער דערפֿון איז נאָך נישט קיין ראיה צו נעהמען, אַז עס האָט אין די בּעהעלטענישען פֿון זיין זעעל שטענדיג נישט געבּענקט נאָך אַזאַ טעאַטער, וואָס זאָל בּעפֿריעדיגען זיין נאַטירליכֿען געשמאַק. און וויבּאַלד דאָס שעמעניש איז צו־

קראָכען ווי שוים, האָט דאָס פּובליקום גענומען לעבען און געניסען נאָך זיין אייגענעם שולחן-ערוך.

בויען די ענטוויקלונג פֿון אַ מאַסע אויף הוילע שעמעניש איז זעהר נאַאיוו. מאַנכע וואַרפֿען אַראָב דעם לאַפּסעדראַק, ווייל זיי שעמען זיך פֿאַר'ן אייראָפּעער. אין האַרטען קראַגען פֿיהלען זיי זיך אָבער אַ סך ערגער. און אַראָבוואַרפֿענדיג דעם לאַפּסעדראַק,— זענען זיי נאָך קיין אייראָפּעער נישט געוואָרען.

קאָברינ'ס ערקלערונג בעווייזט דאָס געגענטייל פֿון דעם, וואָס ער וויל; ער זאָגט, אַז די טהעאַטזאַכע, וואָס דאָס פּובליקום האָט אַ הייליגע פערביטען לאַטיינער אויף גאַרדינ'ען, איז געווען אַנ'אונגאַטירליכע. אַז דער געשמאַק פֿון פּובליקום האָט זיך לחלוטין נישט געענדערט. אַז כ'לעבט נאָך אין אונזער מאַסע דער אַלטער תרה, וואָס ציהט פֿאַר אַ מגושמ'דיגע דעקאָראַטיווע שטיק מיט געזאַנג, טענצלעך, מיידלעך מיט קורצע קליידלעך — פֿאַר גאָרדינ'ס אַ „דעיענציא אַמעריקאַנאַ“ אין דאָב נ׳ל. אַלזאָ, נישט קיין קריזיס, נאָר אַ רעסטאַווראַציע.

ביי אַלע פֿעלקער עקזיסטירען פֿערשיעדענע טיפּען פֿון טעאַטערס. פֿאַר'ן בעאָבאַכטער פֿון סאָציאַלען לעבען איז קלאָר, אַז איטליכע געזעלשאַפֿטס=קלאַס האָט זיך איהר טעאַטער. דער געשמאַק פֿון אַרבייטער, קליינעם בעל=הבית איז אַנ'אַנדערער, ווי דער געשמאַק פֿון דער גרויס=בורזשואַזיע און הויכען אַדעל. עס איז געווען אַ צייט, ווען קיין דראַמאַטיקער און אַקטיאָר איז נישט איינגעפֿאַלען זיך צו בעשעפֿטיגען מיט'ן קליין=בעל=הבית'ישען לעבען, אָדער מיט'ן לעבען פֿון אַרבייטער און נאָך ביז היינטיגען טאָג ציהט פֿאַר אַ געוועהנליכער בשׂר=ודם אַזעלכע דראַמען, וואו עס שילדערט זיך אַ לעבען פֿון העכערע קלאַסען, ווי די — וואָס בעשעפֿטיגען זיך מיט דער פֿערטיעפֿונג פֿון זיין אייגענעם לעבען. דאָס איז אַלעמען גענוג בעקאַנט און עס לוינט נישט מאריך צו זיין.

ביי אונז יודען האָט נאָך דערווייל איין געזעלשאַפֿטס=קלאַס זיך געשאַפֿען אַ טעאַטער. אַלע איבעריגע קלאַסען בעפֿרידיגען זייער גוסט צום טעאַטער אויף פֿרעמדע שפּראַכען.

דאָס יודישע פֿאָלק האָט זיך אויסגעאַרבייט פֿערשיעדענע פֿערגניגונגען. אין די פֿערגניגונגען נעהמט די אינטעליגענץ, ווי די

רייכע בורזשואַזיע, קיין שום אַנטייל נישט, אָבער אַ דעה זאָגען ווילט זיך איהר זעהר שטאַרק. בעזונדערס ווילט זיך דאָס אַ טייל פון אונזער אינטעליגענץ, וואָס האָט די נאַאיווע פאָרשטעלונג, אַז איהר געשמאַק, איהר מיינונג איז די איינציגע ריכטיגע. אָט דער דאָזיגער טייל וויל נישט וויסען פון קיין פסיכאָלאָגישער אַנאַליזע. ער גלויבט אין דעם אייגענעם געשמאַק, ווי אין אַ גאָט, און איז גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר זיין עסטעטישען „אַני מאמין“.

קוקט מען זיך אָבער צו אָביעקטיווער, זעהט מען, אַז דער מיטעלער מענש פון פאָלק קאָן גאָר נישט האָבען דעם געשמאַק פון דער אינטעליגענץ. ערשטענס, איז ער סאָציאַל רעכטלאָזער, ווי דער פריווילעגירטער, און דעריבער איז זיין לעבען אַ קנויל פון צופעליגקייטען. צווייטענס, לעבט ער פיעל איראַציאָנאַלער, ווי דער אינטעליגענט, און דער איראַציאָנאַליזמוס איז אַ בעשטאַנדטייל פון זיין נשמה. דריטענס, איז זיין געפיהלס-לעבען פיעל נאַטירליכער און פרישער, ווי ביים געבילדעטען פון פאָלק. פיערטענס, האָט ער אַן'אונבעוואוסטזיניגע אַכטונג פאַר איטליכער מאַטעריעלער קראַפט. און אַזוי ווי ער טראָגט אַרויס טאָג-טעגליך זיין איינציגען פערמעגען, זיין פיזישע קראַפט אויפ'ן מאַרק, — שעצט ער אַ געזונדען מוסקול העכער, ווי אַ הריפ'ישע קאָפּ. פינפטענס, ליידט דאָס פאָלק שטענדיג מאַנגעל.

נעהמט מען דאָס אַלעס אין זין, הויבט מען אָן פערשטעהן, פאַרוואָס דאָס פאָלק געניסט דאָס טעאַטער גאָר אַנדערש און אויך אַנ'אַנדער אופן, ווי דער אינטעליגענט. פיינע לאָגישע סתירות אין דעם אויפבוי פון אַ דראַמע, שטערען נישט זיין פערגניגען. דער Deusex machine פון די אַלטע גריכען איז נישט קיין סתירה: זיין אייגען לעבען בעשטעהט פון אַזעלכע צופעליגקייטען און נסים. ביי זיין רייכען געפיהלס-לעבען קלעקט שוין די קלענסטע דעקאָראַטיווע ריי צו נ ג, אַז ער זאָל אַרויס פון דעם געוועהנליכען רוהיגען צושטאַנד און ווערען אויפגערעגט.

זיין אַכטונג צו יעדער מאַטעריעלער קראַפט, בעזונדערס צו פיזישער, ברענגט דערצו, אַז די פאָלקס-פאָרשטעלונגען פון „העלדען“ איז גאָר אַנ'אַנדערע, ווי ביי דעם אינטעליגענט. און אַזוי

ווי דאָס פֿאָלק איז שטענדיג גענויט צו זיין אַ מסתּפק במועט, זעטיגט עס וועניגסטענס אָן זיין אויג מיט די גוטיגקייטען פֿון לעבען, וואָס עס זעהט בּיי אַנדערע אין איבערפֿלוס. טויזענדער קליינינגקייטען, וואָס מאַכען אויפֿ'ן אינטעליגענט כּמעט קיין איינדרוק נישט, ווי שענע דעקאָראַציעס, רייכע טואַלעטען, גדלות'דיגע פּאָזען און גוזמאות'דיגע ליידענשאַפֿטען — ווירקען אויף דעם מאַסען-מענשען מיט אַ גרויסער קראַפֿט.

בעת עס קומט דער אינטעליגענט אין טעאַטער מיט דעם רצון זיך צו פֿערטיעפֿען אין דעם אָבּגרונד פֿון מענשליכען לעבען בּכלל און אין אייגענעם בּפֿרט — וויל דער מאַסען-מענש, אַז דאָס טעאַטער זאָל איהם ווייזען אַזוינס, וואָס האָט גאָר קיין שייכות נישט צו זיין לעבען. דער מאַסען-מענש ענטלויפֿט פֿון זיין וואָכענדיגען לעבען. ער פֿיהלט אין איהם נישט קיין הייליגקייט. ער זעהט נאָר, אַז צוזאַמען מיט זיין צוּבּראָכענעם לעבען שפּרייט זיך אויס אַן'אַנדערעס, אַ רייכערעס, רייך אין פֿאַרבּען און אין כּח. און ער געהט צום טעאַטער מיט דעם רצון, כאָטש אויף אַ רגע צו לעבען אין אַ וועלט, וואו מען עסט זאַט, קליידעט זיך אין סאַמעט און אין זיידענס, זינגט און טאַנצט, שמייכעלט און לאַכט.

דאָס אייגענע פּובּליקום, וואָס קומט-אָן מאַסענווייז בּיי יעדער יום-טוב'דיגער פּראָצעסיע, מאַכט פֿול די בּיליגע מוזיק-האָלס און די פֿאָלקס-טעאַטערען. עס זוכט שטענדיג דאָס יום-טוב'דיגע, דעם אויפֿנאַהם. די געוועהנליכע בּעגעבּענהייטען פֿון וואָכענדיגען פֿאָלקס-לעבען זענען גראָה, אָרעם און נאַריש, און דאָס פֿאָלק פֿיהלט אונגעפֿעהר, ווי די פֿראַנצויזישע ראָמאַנטיקער אין אָנפֿאַנג פֿון XIX יאָהרהונדערט, בּעת דיומאַ האָט געשריבּען זיינע „דריי מוסקעטיערען“ און וו. הוגאָ „הערנאַני“.

טהאַטזעכליך איז דער געשמאַק פֿון פֿאָלק ראָמאַנטיש אין דעם זין, וואָס ער ציהט פֿאָר דאָס אויסגעטראַכטע פֿאַר דעם רעאַלען. און קאָמיש איז, ווען אונזערע אינטעליגענץ פֿערלאַנגט פֿון פֿאָלק אַ געשמאַקסריכטונג, וועלכע פֿליעסט נישט אַרויס פֿון זיין פּשוט'ן גשמיות'דיגען לעבען.

אין ווען מען נעהמט נאָך אַריין אין זין, אַז דער פֿאָלקס-געשמאַק

דערקענט נאָר די גראָבע קאָנטראַסטען, ווי אַמאָל די ראָמאַנטיקער — פֿערשטעהט מען, פֿאַרוואָס פֿעהלט דעם מאָדערנעם טעאַטער דער גראָטעסקער הומאָר, מיט וואָס עס צייכענט זיך אויס דאָס פאָלקס-טעאַטער. ווען דאָס דראַמע ענטוויקעלט זיך אין פֿיינע ניואַנסען— קומט אַייך דאָס קאָמישע נישט אַרויס איינפאַך, פלעצליך און איז שטענדיג אויסגעמישט מיט נאָך אַנדערע געפֿיהלס-מאָ-מענטען.

לסוף מוז מען נאָך אָנמערקען אויף די געזונדע עראָטיק פֿון פֿאָלק, און דערביי איז אויך איהר פֿלירט-געשמאַק אַנ'אַנדערע ווי אונזערע.

די גרויסע מאַסע געהנעצט ביי אַ שטיק פֿון אַ מאָדערנעם דראַ-מאַטיקער. זי וועט נאָך לאַנג פֿאָרציהען אַ „יודעלע קלאַפּ“, וואו מען זינגט, טאַנצט, רוישט מיט זיידענע אונטערקליידער און מאַכט די געוויסע הנ'דלעך. קורץ, זי וועט נישט קוקענדיג אויף אַלע קריטיקען פֿון בעל-הבת'ישע אינטעליגענטען, רייך מאַכען די מוזיק-האַלס און מיט עקשנות אויסמיידען דאָס, וואָס איז פֿאַר איהר לאַנגווייליג.

און דער פּועל-יוצא דערפֿון?

עס איז נאַאיוו צו פֿערלאַנגען פֿון דער יודישער מאַסע דאָס, וואָס עס פֿערמאָגט נישט קיין אייראָפּעאישע מאַסע פֿון דער וועלט: אַ געשמאַק צו דער מאָדערנער דראַמע. עס איז נאַאיוו, ווען מען רעדט פֿון אַ קריזיס אין יודישען טעאַטער, און טהאַטזאַכליך שטעהט דאָס יודישע טעאַטער, וואָס אָנבעטרעפֿט מאַסען-קונסט-געשמאַק, נישט ניעדעריגער ווי אַנדערע טעאַטערס, סיי אין אַקטיאָרען, סיי אין דעקאָראַציעס. און דריטענס איז נאַאיוו צו רעדען פֿון אַ יודישען טעאַטער, אין דעם זין, ווי מען רעדט פֿון אַ בערלינער, „דייטשען טעאַטער“.

דערווייל האָבען מיר נאָר איין טיפּ פֿון אַ טעאַטער. צו די אַנ-דערע העכערע טיפּען קאָנען מיר ניט דערגרייכען, ווייל די יודישע אינטעליגענץ בעפֿריעדיגט איהר טעאַטער-גוסט אין פֿרעמד-שפּראַ-כענדיגע טעאַטערען.

ווייל מען אָבער פֿאָרט בעשאַפֿען אַ צווייטען טיפּ פֿון אַ יודישען טעאַטער — דאַרף מען נישט זוכען צו ענדערען דעם רעפּערטואַר

אין יודישען פֿאָלקס־טעאַטער, נאָר מען מוז זיך בּעשאַפֿען אַ בּמה לעצמו. און אַלס מוסטער דאַרף מען נעהמען אַלע די פּרובּען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרען אין דייטשלאַנד, פֿראַנקרייך, ווען דער נאַטוראַליזמוס האָט גענומען די „אויבּערהאַנד“ אין דער דראַמאַטישער שעפֿונג. גרינדעט אַ „טעאַטער ליבּר“, „פֿרייע בּיהנע“, מאַכט „מאַטינעס“, גרינדעט ספּעציעלע פֿעראיינען אויף אויפֿצופֿיהרען איין מאָל אַ וואָך אַנ׳אַש, אַ פּינסקי, קורץ, טהוט דאָס אייגענע, וואָס עס האָט געטהאָן די אינטעליגענץ פֿון אַנדערע פֿעלקער.

עס איז געווען אַ צייט, וואָס מעטערלינק׳ס סימבּאָלישע דראַמען האָט קיין טעאַטער נישט געוואָלט אויפֿפֿיהרען. זענען אָבּער געקומען אָנהענגער פֿון מ. און האָבּען זיך פֿעראייניגט מיט גוטע אַקטיאָרען, אַלע גוי׳אישע שבּתים געדונגען אַ טעאַטער און אויפֿגעפֿיהרט מעטערלינק׳ס זאַכען. דער סוף איז געווען, אַז אויסוואַרפֿענדיג דאָס נעין פֿון שבּת־פֿאָרשטעלונגען, האָט זיך מיט דער צייט געבּילדעט אַ פֿיין פּובּליקום, וואָס האָט מיט אינטערעס בּעזוכט מעטערלינק׳ס אַ דראַמע. און ווען די טעאַטער־דירעקטאָרען האָבּען זיך איבּערצייגט, אַז זיי ריזיקירען נישט מאַטעריעל, האָבּען זיי שוין אַליין אַריינגענומען מעטערלינק׳ען אין זייער רעפּערטואַר.

אָנשטאָט צו שרייען וועגען אַ קריזיס אין יודישען טעאַטער, אָנשטאָט צו פּערדרעהען טהאַטזאַכען, אפֿשר איז אַ פּלאַן צו גרינדען אַ יודישע „פֿרייע בּיהנע“ אינאיינעם מיט די בּעסטע יודישע אַקטיאָרען, וואָס וועלען מיט פֿערגניגען צושטעהן צו דער בּעוועגונג?

# די סבּנה פון הייַנטיגער יודישער דראַמע.

ווידער אַ מפּלה! ד. פּינסקי'ס שטיק „דער אוצר" (צוערשט ערשיענען אין „פריינד" פאַר עטליכע יאָהרען) איז געשטעלט געוואָרען אין „דייטשען טעאַטער" אין בערלין און איז שטאַרק נישט געפעלען געוואָרען. דאָס איז שוין די צווייטע מפּלה, וואָס עס האָט אַ יודישער דראַמאַטורג, ווען ער בעוויזט זיך אויף אַ נישט-יודישער בּיהנע. אויך „גאָט פון נקמה", פון שלום אַש, איז דורכגעפאַלען אין דעם אייגענעם טעאַטער.

געוויס, איז זעהר נישט אַנגענעהם פאַר'ן פערפאַסער, ווען זיין שטיק בעקומט נישט דעם בּייפאַל פון פּובּליקום און פון דער פּרעסע. אָבּער פאַר דער צוקונפט פון יודיש איז דאָס גראָד קיין אומגליק נישט. דען שוין דאָס אַליין, וואָס מען האָט אָנגעווענדט אַזאַ גרויסען אַפּאַראַט, אום אויפצושטעלען אַ פּיעסע פון אַ יודישען שרייבּער, בעווייזט, אַז אין די ערנסטע ליטעראַרישע קרייזען רעכענט מען זיך מיט אַ יודישען טאַלענט נישט וועניגער, ווי מיט אַ האָלענדישען, אָדער אַ שוועדישען. שוין דאָס אַליין, וואָס מאַקס ריינהאַרדט, דער קעניג אונטער די דייטשע טעאַטער-דירעקטאָרען, דער אויסגעצייכענטער אַקטיאָר און דער גרויסער קענער פון דער דראַמאַטורגיע האָט נישט געשוינט קיין מיה צו פערנעהמען אַנ'אָווענד בּיים טעאַטער-פּובּליקום מיט אַ יודיש שטיק, — בעווייזט, „אַז אין חזנות איז אַ פּאָליאַק און אַ ליטוואַק גלייך", אַז אין טעמפּעל פון קונסט זענען אַלע שפּראַכען גלייך, און מען ווייסט דאָרט נישט פון אַזאַ חלוק ווי „זשאַרגאָן" און „יודיש". איך בּין נישט איינפערשטאַנדען מיט מיינע קאָלעגען ד. פרישמאַן און ד"ר מוקדוני, וועלכע זענען אַ בּיסעל נידערשלאָגען פון פּינסקי'ס מפּלה. ד. פרישמאַן ענדיגט

זאָגאַר זיין אַרטיקעל מיט די גרימצאָרנדיגע ווערטער: „ווע̄לען מיר נאָך אַליך קריכ̄ען ווייטער און ווייטער צום „דייטשען טעאַטער“ און ווייזען דער וועלט, ווי גרויס מיר זענען?“

איך מיין, אַז אונזערע דראַמאַטורגען, וואָס האָבען נאָך נישט קיין אייגען טעאַטער, מוזען „קריכ̄ען ווייטער“, מוזען מעסטען זייער „גרויס“ מיט דעם וואוקס פ̄ון די אייראָפּעאישע דראַמאַטורגען. געוויס, וועט דאָס „קריכ̄ען“ זיי אָנקומען ביטער, — צו־וועניג טעכ̄ניק איז נאָך ביי זיי, צו־וועניג קענטשאַפ̄ט פ̄ון דער וועלט, וואָס קומט פ̄אָר אויף די „ברעטער“. זיי פ̄ערמאָגען נאָך נישט די ליטעראַרישע ציוויליזאַציע פ̄ון אַ מיטעלמעסיגען גויאישקען דראַמאַטיקער; זייער אויער האָט נאָך קיינמאָל נישט געהערט אַ שענע בויגיגע דיקציע אין דער אייגענער מוטערשפּראַך. און ווייל עס פ̄עהלט זיי אַלע די אויסערליכ̄קייטען, אָהן וועלכ̄ע אַ שטיק קאָן נישט אויסקומען, — וועלען זיי נאָך האָבען אַ סך מפּלות. אָבער די מפּלות האָבען דעם אייגענעם פּנים, וואָס דער נצחון פ̄ון אַלטען קעניג פּירוס. וואָס די מפּלה וועט זיין גרעסער, אַלץ שטאַרקער וועלען זיי אָנהויבען פ̄יהלען זייערע טעכ̄נישע פ̄עהלער אין געביי פ̄ון דער דראַמע, און זיך בעסערן.

ליידער, האָט אונזער קריטיק נישט דעם אַיינפ̄לוס, וואָס די קריטיק פ̄ון אַ גוי'אישקער צייטונג. שלום אַש, ווי דוד פּינסקי האַלטען מעהר פ̄ון אַנ'אַלפ̄רעד קער ווי פ̄ון דוד פ̄רישמאַן. און כאָטש סוף כל סוף איז דוד פ̄רישמאַן, נישט קוקענדיג אויף זיין גאַנצען בטול היש פ̄ון דער נייער ליטעראַטור, מעהר פ̄ריינד שלום אַש'ן, ווי אַנ'אַלפ̄רעד קער, נאָר מיר, יודישע קריטיקער, האָבען שוין אַזאַ מזל, אַז אונזערע „גדולים“ אינטערעסירען זיך וועניג מיט אונזער פ̄ריינדשאַפ̄ט. אָבער שאָדען שאָדט עס נישט. מען מעג זיך פ̄ערלאָזען אויפ̄'ן געשמאַק פ̄ון א. קער, וואָס שטאַמט פ̄ון דער יחסנ'דיגער יודישער פ̄אַמיליע קעמפּנער. דאָס, וואָס מיר קאָנען זיי נישט אויסלערנען, וועט זיי אויסלערנען אַ „דייטשעס טעאַטער“ מיט זיינע רעצענזענטען.

און איך זעה נישט איין, פ̄אַרוואָס זאָל די וועלט נישט זעהן אונזער „גרויס“. פ̄ון ד. פ̄רישמאַנ'ס פּראָזע הערט זיך דער איי־

גענער גערוך ווי אַמאָל פֿון „ואל תגידו בגת“. אין דער השכלה=
עפּאָכע איז דער פּחד פֿאַר דער אייראָפּעאישער וועלט געווען אַזוי
גרויס, אַז מען האָט געהייסען דעם יודען בעהאַלטען זיין יו=
דישקייט אין דער היים. אויף דער „גאַס“ זאָל מען, חלילה וחס, נישט
זעהן אין איהם דעם „יודען“. עס איז אַ בזיון, און אפשר אויך
אַ חלול השם. מיר האָבען שוין היינט קיין מורא נישט פֿאַר
אייראָפּאַ. מיט באָרד און פּאות שיפֿען מיר זיך אַריבער פֿון
ראַחמיסטריווקע קיין לאָנדאָן און ניו=יאָרק. און ווען מיר לאָ=
זען זיך אין אויסלאַנד שטודירען — פֿיהרען מיר מיט מיט זיך
דאָס שוואַרצע העמדעל פֿון בונדיסטען און דעם מגן=דוד פֿון
ציוניסטען. דאָס, וואָס ד. פּינסקי „קריכט“ אין אַ „דייטשען טע=
אַטער“, מיינט ער נישט צו „פֿערהייליגען“ דערמיט דעם כלל
ישׂראל, און ווען זיין שטיק איז אַ שלעכטע, איז ער דערמיט
נישט מחלל די קדושה פֿון „אָסט=יודען“. חוץ דעם, די רע=
צענזענטען אַליין זענען מייסטענס אין בערלין עסטרייכישע יו=
דען, וואָס נעהמען זיך פֿון גאַליציען; חוץ דעם, וואָס ריינ=
האַרדט אַליין, דער טעאַטער=דירעקטאָר, איז אַ גאַליציאַנער יוד
און די הויפּט=אַבאָנענטען פֿון דייטשען טעאַטער האָבען נאָך
עד היום אַ סך קרובים אין מינסק, פּינסק און בערדיטשעוו,—
חוץ אַלעם דעם איז שוין דער אייראָפּעער אַזוי קלוג, דאָס
ער וואַרפֿט נישט אין איין טאָפּ אַ נישט=געלונגענע דראַמע פֿון
ד. פּינסקי אָדער שלום אַש מיט דעם גאַנצען כלל=ישׂראל. אויך
דער אַנטיסעמיטיזם איז שוין נישט אַזוי עם האַרצ׳יש, נישט
צו וועלען אָנערקענען אַ גוטע דראַמע, ווייל דאָס שטאַמט פֿון
אַ יודען, און צו בעשולדיגען כל ישׂראל, פֿאַרוואָס דער און דער
יוד האָט געמאַכט אַ פֿאַלשען באַנקראָט. ער איז פֿיעל איידע=
לער היינט. דער יוד איז פֿאַר איהם ווי יענע מאַלפּע, וואָס האָט
מקבל שבת געווען אין אַ קליין שטעדטיל. די מאַלפּע האָט גע=
זונגען נישט ערגער פֿון אַ געניטען חזן, אָבער דאָס שטעדטיל
האָט איהר פֿאָרט נישט צוגענומען פֿאַר אַ חזן ביי זיך..
די גאַנצע וועלט איז היינט מודה, אַז פּראָפֿ. עהרליך איז אַ
גאון, אָבער פֿאַר אַ ווירקליכען פּראָפֿעסאָר וועט איהם די פּריי=
סישע רעגירונג נישט מאַכען. מעג פּינסקי האָבען אַ שענעם ער=

פֿאָלג אויף דער דייטשער בּיהנע, פֿאַר דעם דראַמאַטורג פֿון דעם דייטשען פֿאָלק וועט מען איהם נישט מאַכען, און אין קעניגליכען טעאַטער וועט מען זיינע שטיק נישט שפּיעלען. אַוועק־געהן פֿון אונז אינגאַנצען קאָן ער נישט. ווייל נור בּיי אונז אין אונזער סבֿיבֿה הערט ער אויף צו זיין די פֿערשאָלטענע מאַלפּע, וואָס איז אַמאָל מקבּל שבּת אין אַ פֿערוואָרפֿען שטעדטיל.

די איינציגע סכּנה פֿאַר דער יודישער ליטעראַטור קאָן נור דע־מאָלט זיין, ווען דער יודישער דראַמאַטיקער הויבּט אָן צו ספּע־קולירען מיט אַ פֿרעמדען טעאַטער, נאָך איידער ער האָט געשאַ־פֿען זיין שטיק. צו אונזער בּעדויערן, זעהען מיר דאָס צו־קלאָר אין די דראַמען פֿון אַש און פּינסקי, וואָס זיי האָבּען געשריי־בּען מיט אַ מ י י ן, מיט דער כּונה, אַז דאָס גוי'אישקע פּובּלי־קום זאָל דאָס צוערשט זעהן. די ראָליע פֿון דין אין „גאָט פֿון נקמה“, שאַבּשאָוויטש'עס בּעציהונג צו דער תּורה, אַלס צו אַ מאַטעריעלען אָבּגאָט א. אַז. וו. — ווייזען דײַטליך, אַז דער פֿערפֿאַסער האָט אַליין, נישט מערקענדיג, געפֿאַלשעוועט די יו־דישע ווירקליכקייט, נור אום צו זיין „פּאָפּולער“ פֿאַר דעם גוי.

די שפּראַך אין „שבּתי צבֿי“ פֿון אַש איז נישט קיין ריינע ליטעראַרישע שפּראַך פֿון אַנ'אמת'ן טאַלענט, נאָר די ש פּ ר אַ ך, וואָס איז לײַכטער צו א י בּ ע ר ז ע צ ע ן. שרייבּענדיג „שבּתי צבֿי“, האָט אַש, נישט ווילענדיג, געהאַט אין זינען די איבּערזעצער, וואָס דאַרפֿען איהם איבּערזעצען אויף שבֿעים לשון פֿאַר אַלע וועלט־בּיהנעס. אין „יחוס“, וואָס האָט געדאַרפֿט געהן צוערשט אין אַ רוסישען טעאַטער, איז ערטערווייז די שפּראַך אין העכס־טען גראַד נישט בּעאַרבּייט. גרויסגליק, די טאַנטע, די קינדער ריידען אויף אַזאַ טשיקאַווען לשון, וואָס קיין מענש האָט דאָס נישט געהערט. אַש'ן איז אפשר געלונגען א י בּ ע ר צ ו מ י ש ע ן די דייטשען פֿון פּוילישען שטייגער, אָבּער נישט צו געבּען זייער נאַטירליכע שפּראַך. דען אויך די פּוילישע דייטשען האָבּען אַ געוויסע נאַטירליכקייט, ווען זיי ריידען צווישען זיך זייער „דײַטש“. נור אַזוי, ווי דער פֿערפֿאַסער האָט ניט געוואוסט, אַז סיי־ווי־סיי ווערט זיין „יחוס“ איבּערגעגאָסען אין אַ פֿורם פֿון אַ נייער שפּראַך, האָט ער זיך מיט דער שפּראַך נישט שטאַרק אָבּגעגעבּען.

נאָך איידער, הייסט דאָס, די דראַמע קומט צום פּובליקום, איז זי שוין אַדורך צוויי גלגולים, — דעם גלגול פון איבערזעצער און דעם גלגול פון דעם גייסט, וואָס הערשט אויף אַ נישט־יודישער ביהנע.

און דאָס אייגענע, וואָס ביי אַש׳ן, זעהען מיר נאָך אין פיעל גרעסערן פאָרמאַט ביי פינסקי׳ן. צו זיינע נייעסטע זאַכען געהערען „מיט זיעגערפאָהנען" און „גאַברי און די פרויען" (פערל. „השחר", וואַרשוי), און איך בין חושד ד. פינסקי׳ן, אַז ביידע זאַכען, בעזונדערס די לעצטע, זענען פערפאַסט געוואָרען מיט דער כּונה, זיי אָבצוזעצען פאַר פרעמדע טעאַטערס.

סיי די נעמען: גאַברי, גאַאיל, לעם, די קליינע, דער פאָטער, די מוטער — זענען אַזוי נישט יודיש און צוגלייך אַזוי אַבּ־סטראַקט, אַז דאָס פּאַסט סיי פאַר אַ דייטשען, ווי אַנ׳אַמעריקאַנער. חוץ דעם למדן פון יודישען לעבען ס. יושקעוויטש און חוץ לוצאַטאָ, אָדם הכּהן לעבענזאָהן, ביי וועמען די העלדען פון דראַמע זענען: אמת, שקר, אמונה, בטחון — האָט נאָך קיינער אַזעלכע אַבּסטראַקטע „קאָסמאָפּאָליטישע" נעמען נישט אויסגעטראַכט; סיי דאָס טהעמאַ: דער כּח גבֿרא ביים מאַן וואַקסט מיט דער אַרבייט, און ער וויל געניסען אַ סך, אַ סך פרויען; סיי די שפּראַך, וואָס איז, זאָל מיר פּינסקי מוחל זיין דעם כּבֿוד, כּמעט נישט בעסער פאַר א. מ. דיק׳ס לשון, וואָס האָט מיט אַ כּונה געשריבען וואָס מעהר דייטשע ווערטער, אום אויסצובעסערן דעם „זשאַרגאָן", — אַלץ איז אין דער דראַמע אַזוי געמאַכט, אַז אי דער איבערזעצער, אי דאָס גוי׳אישקע טעאַטער זאָל נישט האָבען צו־פיעל קאָפּדרעהעניש. אַי וואָס, פון שטאַנדפּונקט פון דער יודישער ליטעראַטור איז דאָס שפּראַכליך אַנ׳אמת׳ער „זשאַרגאָן", אָהן לעבען, אָהן זאַפט, טרוקען און צוקאַליעטשעט? — דאָס אַרט וועניג דעם פערפאַסער, וואָס אַרבייט איינענטליך פאַר אַ פרעמדען פּובליקום. אַלס ביי־שפּיעל וועל איך זיך ערלויבען בריינגען אַ ליעדעל, וואָס עס זינגט דער אַרבייטער אויף אַ פערמע, לעם:

„בלומען, בלומען אומעטום,
וואו איך קעהר מיך, ווענד מיך;

שכור ווער איך פון דעם דופט,
זייער פּראַכט פערבלענדט מיך.
רויזען, ליליען, נעגעליך,
טיולפּען און יאַסמינ׳ען...
רויט און ווייס און בלוי און גאָלד —
עס פערגעהט דער זינען"...

איך גלויב, אַז דער לעזער וועט שוין אַליין אָפּשאַצען די אָרימקייט פון דער שפּראַך, איהר צוקאַליעטשעטקייט, וואָס איז נוגע דעם גייסט פון יודיש, די געקינסטעלטקייט פון אָרימען ליעדעל און בכלל די אונמעגליכקייט פון אַזאַ ליעדעל אין מויל פון אַ געוועהנליכען פעלד־אַרבייטער. „עס פערגעהט דער זינען", קאָן מען זיך, דייטשמעריש, אויסדריקען, לייענענדיג דאָס פיינע ליעדעל.

אַזוינע ביישפּיעלען קאָן מען ברייגען אַ סך, ווען איך וואָלט נאָר געהאַט פּלאַץ דערויף.

נישט אויף דאָס, וואָס אונזערע דראַמאַטיקער „קריכען" אין פרעמדע טעאַטערס, דאַרפען מיר קלאָגען, נאָר דערויף, וואָס שרייבענדיג מיט אַ בעזונדער כונה, גיבען זיי אונז שלעכט אָפּגעאַרבייטעטע זאַכען, הן שפּראַכליך, הן אין דער קינסטלערישער בעאַרבייטונג. אַ חרפּה קאָן מען אונז נישט מאַכען דערמיט, וואָס אַ יודיש טעאַטער־שטיק פאַלט דורך ביי די גוים. דער רצון פון אַנ׳אַש און אַ פּינסקי אַרויסצוגעהן אויף דער ברייטער ליטעראַרישער וועלט איז אַ גערעכטער און אַ נאַטירליכער. טרויעריג איז נור, וואָס דער רצון קומט פאַר דעם, ווען דער הייסער פערלאַנג אַרויסצוגעהן פון דער איינגשאַפּט בריהט אָפּ דאָס קינד, נאָך איידער עס איז אויסגעוואַקסען. און געגען דעם מוז פּראָטעסטירען איטליכער ליעבהאָבער פון דער ליטעראַטור, דאָפּעלט פּראָטעסטירען, ווייל צוליעב דעם ליידט שאָדען דאָס טאַלענט, ווי די ליטעראַטור.

# ה. צייטלין.

(שריפטען, באנד I און II. פערלאג שימין, ווארשא).

איך געפין קוים א פאסיגערען בוך פאר'ן לעזער אין די ימים=נוראים=טעג, ווי ה' צייטלינ'ס געזאמעלטע ארטיקלען. דאס זענען ניי=מאדישע מחזורים, דאס איז א מין היינט=מאדישע תפלת=זכה, ביי וועלכער דער לעזער קאן צוגעהן אין געוויין, ווי פאר=צייטען זיין זיידע ביים אלטען מחזור. אין די טעג, ווען דאס אלטע יודענטום איז געוועהנט זיך אבצוגעבען א קלארען חשבון=הנפש, זאל דאס יונגע יודענטום ניט שוינען איהרע נערווען, זיך פערטיעפען אין ה' צייטלינ'ס שריפטען און זיך אויך אבגעבען א קלארען חשבון פון איהר צעמישטען און צעדולטען לעבען. און לייענען דארף מען צייטלינ'ען מיט דעם אלטען בית=המדרש=נגון. מיט דעם קול=נגינה פון א מענשען, ביי וועמען די אינערע אויפרעגונג נעהמט שוין אן דעם ריטהמוס פון א טרויעריגען נגון. זוכט ניט אין זיי קיין אויסערליכע געבונדענקייט, מיינט ניט צו געפינען אין זיי א גאנצע זאך, וואס איז קלאר צונויפגעשטעלט און רעגעלמעסיג פערענדיגט. האבען דאך דאס אויך ניט בעקומען אונזערע טאטעס און זיידעס אין דעם אלטען מחזור, און פונדעסטוועגען האבען זיי געשעפט פון איהם גאנצע קוואלען פון געפיהלען און איבערלעבענישען.

ניט צופעליג הויבט=זיך=אן דאס בוך מיט'ן ארטיקעל „בענקשאפט נאך שענהייט“. פון אנפאנג ביז צום סוף גליהט אין איהם די אלטע יודישע „בענקשאפט“, וואס מאכט אזוי ברייט א מענ'שענס הארץ און וואס פיהלט איהם אן מיט אזא זיסען, טיעפען ליידען. צווישען צוויי וועלטען שטעהט ה' צייטלין, — צווישען דער אלטער מיט איהר טיעפער בענקשאפט צו גאט, שענקייט, תפארת,

געטליכער האַרמאָניע, און צווישען דער נייער, וואָס האָט געבאָרען אַ דור פון מענשען „אָהן ליעבע, אָהן רחמנות, אָהן קאָפּ און האַרץ און וואָס ווילען נאָך זיין די „מנהיגי הדור“ מיט זייערע אויסגע׳פּלפּול׳טע פּאַפּיערענע פּראָגראַמעלעך“. די אַלטע וועלט פון די חז״ל, מקובלים, חסידים זעהט ער אין דער בעלייכטונג פון אַ ט י ע פ ע ן ר אָ מ אַ נ ט י ק ע ר, די נייע וועלט ערשיינט פאַר איהם אין די גרעבסטע נ אַ ט ו ר אַ ל י ס ט י ש ע פ אַ ר ב ע ן. צווישען ביידען זעהט ער ניט קיין שום איבערגאַנג, און צווישען דעם לעדיגען פינסטערען אָבשטאַנד צאַפּעלט זיך צייטלינ׳ס ליידענדע האַרץ, ווערענדיג געשליידערט ווי אין כף־הקלע פון די פאַרצייטיגע חז״ל צו דעם היינטיגען בחור׳ל אין אַ שוואַרץ העמדעל. און וואַרפענדיג זיך אַזוי הין און הער, מאָלט ער אונז וואונדערליכע געשטאַלטען פון דער אַלטער יודישער קולטור און קאַריקאַטורען פון דער היינטיגער יודישער יוגענד.

זוכט ניט ביי ה׳ צייטלין אין געמעל די פ אַ ר ב, איהר וועט זי ניט געפינען, אפשר נור די פּורפּור־רויטע פאַרב פון אַ פלאַם, וואָס ברעכט זיך דורך אַ האַרטען פעלזען. זיין ווירקונג אויף׳ן לעזער איז אַ ריין מ ו ז י ק אַ ל י ש ע, ער צעריהרט איהם מעהר מיט דעם ביטערען ליידענדען טאָן פון זיין פעדער, איידער מיט דער מאָלערישער שילדערונג. און אַזוי ווי ה׳ צייטלין וואַרפט זיך צווישען צוויי וועלטען — די איינע הויבט ער אין הימעל, די אַנדערע וואַרפט ער אַראָב עד שאול־תחתיה — און אַזוי ווי דער אָבשטאַנד פון די צוויי וועלטען איז מאוים׳דיג גרויס — דערום קומט אַרויס די מוזיק ניט האַרמאָניש, דערום פעהלען איהר די אינסטרומענטען, וואָס מאַכען פון צעוואָרפענע נגונים איין־איינציגע סימפאָניע.

אין אַרטיקעל „בענקשאַפט נאָך שענהייט“, וואו ה׳ צייטלין האָט צוזאַמענפעראייניגט די שפּרוכען פון אונזערע חז״ל, מקובלים און חסיד׳ישע צדיקים וועגען שענהייט, האַרמאָניע, נאַטור, — וועלכע ניט קוקענדיג אויף דעם פסוק „לא תעשה פסל ומסכה“ האָבען זיך בעשאַפען אַ שענהייטס־אידעאַל ניט וועניגער, ווי די אַלטע גריכען, — שרייבט ער זעהר ריכטיג:

„בילדער און געשטאַלטען, אויף וועלכע די יודען האָבען תמיד

געקוקט, ווי אויף עטוואָס שלעכטעס, זענען בעהאַלטען געוואָ־
רען טיעף אין דער יודישער נשמה. דער יודישער גייסט, וואָס
האָט ניט געקאָנט שאַפען אויסערליך, האָט געשאַפען אינערליך".
און מיר דוכט זיך, אַז ה' ציטלין איז אַ נאַטירליך קינד פון
אַלטען פאָלק, וואָס האָט אַ רייכערען אינערליכען שענהייטס־געפיהל,
ווי דעם כח דאָס אויסערליך אויסצודריקען.
ווער עס האָט אָבער אַ געפיהל פאַר מוזיק, פאַר דער טיעפער
מוזיק פון אַן׳אייביגער בענקשאַפט — שפירט, אַז טויזענדער
ליידען פיהרען דעם בויגען איבער ציטערדיגע געשפאַנטע סטרו־
נעס און רייסען אַרויס פון ציטלינ׳ס פעדער התחלות פון טיעפע
נגונים.
צי לעבט ניט אין איהם אַ פונק פון ר' נחמן בראַצלאַווער׳ס
נשמה, וועלכע האָט בעגריפען די וועלט, די נאַטור און גאָט
נור דורך דעם נגון זיינעם, וואָס האָט געזאָגט: „די גאַנצע וועלט
איז אַ נגון פאַר גאָט ברוך הוא. אין יעדער זאַך, אין יעדער
בריאה קלינגט עטוואָס פון וועלט־נגון... „יעדע אמונה האָט זיך
איהר זמר, וואָס פאַר אַן׳אמונה אַזאַ זמר... אַפילו די אַפיקורסות
האָט זיך איהר זמר"? און ווירקליך קיין אַרטיקעל פון ה' ציט־
לין מאַכט ניט אַזאַ טיעפען איינדרוק, ווי זיין „רבי נחמן", וואָס
איז דורך און דורך געווען אַ מוזיקאַלישער גאון, ביי וועמען
די בענקעניש צו גאָט האָט זיך אויסגעגאָסען אין אַ הייליגען
זמר און אין אַ ווילד־ריטהמישען רקוד, ביז ער איז געפאַלען
אָהנמעכטיג צו די פיס פון זיינע חסידים.
ה' ציטלין איז אַן׳אמת׳ער חסיד. פאַר איהם זענען די ווערטער
„כונה", „התלהבות" פיעל טייערער, ווי „עמקות" און „בקיאות".
ער גלויבט ניט אין די טיעפקייט פון אַ קאַלטען בקי. עס עקעלט
איהם אָב פון דעם היינטיגען יונגען דור, וואָס איז אַזוי בעי־
הבנ׳ט אין אַלע פאָליטיש־עקאָנאָמישע טעאָריעס, מאַכט פול דעם
קאָפ מיט אַלערליי פלפול׳יסטי׳שע פראָגראַמען און האָט ניט
קיין פונק התלהבות ביי זיך. דער חסיד׳ישער „ברען" האָט פער־
כאַפט זיין האַרץ, און וואו ער בעגעגענט זיך מיט אַ קאַלטען,
כאָטש פראַקטישען נוצליכען רחמנות־געפיהל — פיהלט ער אַ
טיעפען אינערליכען שמערץ. זעען אויך דער שפיעגעל, וואָס ער

האָט אַוועקגעשטעלט פֿאַר דעם היינטיגען דור אין זיינע „ערנסטע שמועסען" איז אַ ביסעל קרום געשליפֿען, אָבער יעדער דענקענדער מענש, וועלכער זעהט הינטער דער קאַריקאַטור דעם אמת'ן פנים, — וועט מוזען מודה זיין, אַז צייטלינ'ס שפּיעגעל מעג שטעהן אין איטליכען חדר פֿון אַ היינטיגען בחור, צי רופֿט ער זיך ציוניסט, בונדיסט אָדער ס.-ס.-וועץ.

די ווערדע פֿון צייטלינ'ס שריפֿטען איז די, וואָס ביי אַלע זייערע פֿעהלערען בעזיצט ער דעם כח צו הויבען זיין לעזער פֿון אָרט. אַליין אַ געשליידערטער פֿון איין וועלט אין די אַנדערע — שטויסט ער זיך אָן מיט זיין טיעף-בענקענדיגער נשמה אָן די פֿוילע פּלייצעס פֿון לעזער און שליידערט-איהם-מיט אַ שטיק וועג.

צייטלין, ביי וועמען עס האָבען זיך אויסגעמישט די פֿאָרמען פֿון אַלטען יודענטום מיט דער היינטיגער בילדונג — איז אַזאַ כאַראַקטעריסטישע געשטאַלט אין אונזער היינטיגער ליטעראַטור, דאָס מען קאָן גלייכגילטיג ניט פֿאַרבייגעהן פֿאַר איהם. דער אַלטער מגיד'ישער טאָן איז צייטענווייז עהנליך צו דער שטים פֿונ'ם פֿראַנצויזישען פּאַטער לאַמענע, וואָס האָט פֿערלאָזען די קירכע און דעם בייכטשטוהל און איז געוואָרען אַ וועלטליכער גרינדער און פֿיהרער פֿון דער קאַטוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. די טיעפֿע בענקשאַפֿט זיינע נאָך אַן אידעאַלער האַרמאָניע אין היינטיגען יודישען גייסטיגען לעבען דערמאָנט אונז אָן די גרינדער פֿון חסיד'יזמוס און דעם געניאַלען ניעטשע, וואָס האָט אפֿשר געהאַט די חסיד'ישע התלהבות, אָבער ניט דעם טיעפֿען גלויבען פֿון אַ בעש"ט. מאַנכסמאָל לאָזט ער זיך אַראָב צום איינפֿאַכען גאַסען-טאָן, און מאַנכסמאָל רעדט ער די שווערע, טיעפֿע שפּראַכע פֿון אַן'אַלטען מקובל.

וואָס ער זאָל אָבער נישט שרייבען, וואָס פֿאַר אַ התחלה פֿון אַ נגון ער זאָל ניט אָנהויבען — שטענדיג פֿיהלען מיר די שטאַרק-געשליידערטע נשמה פֿון אַ מענשען, וואָס בעוועגט זיך צווישען צוויי וועלטען — אַן'אַלטע אַ ראָמאַנטישע, אַ נייע אַ גראָב-נאַטוראַליסטישע, און וואָס געהט אויס פֿון אַ טיעפֿער עביגער בענקשאַפֿט, פֿון אַ בענקשאַפֿט, וואָס איז שטענדיג געווען און

וועט בלייבען דער פּרינציפּ פֿון דער וועלט־שעפּונג.
און וויל מען זיך אָבגעבען אַ חשבון פֿונ'ם אייגענעם מענשען, זאָל
מען ניט שוינען די נערוועז און צולעגען אַנ'אויער צו דער
ווילדער מעלאָדיע פֿון אַ נשמה, וואָס לעבט אין הוילע בענ־
קעניש, וואָס האָט בעגריפֿען דעם טיעפֿען וואָרט:
„צמאה לך נפשי, כמה לך בשרי".

# אברהם רייזען.

זעהר אָפט ווערט מיר געמאַכט די בעשולדיגונג, פאַרוואָס מייד איך אַזוי האַרטנעקיג אויס אַזאַ ליטעראַרישע פּערזענליכקייט, ווי א. רייזען. שוין דאָס אַליין, וואָס א. רייזען געהערט צו די בעליעבטעסטע פאָלקס־פּאָעטען און ערצעהלער — איז שוין גענוג, אַז דער קריטיקער זאָל זיך ערנסטער מיט איהם אָבגעבען. חוץ דעם מוז איך מודה זיין, אַז איך געהער אויך צו די, וואָס שעצען און אַכטען א. רייזינ'ס ווערק. און דאָך האָב איך קיינמאָל נישט געשפּירט קיין חשק, זיך גענויער צו בעשעפטיגען מיט א. רייזינ'ס מוזע.

ווען דאָס וואָלט געווען נור מיין פּערהעלטניס צו רייזענ'ען, וואָלט דאָס גאָר געהאַט אַ קליינע ווערדע. יעדער מענש, ווי אָביעקטיוו ער זאָל נישט וועלען זיין, טראָגט זיך אַרום מיט סימפּאַטיען און אַנטיפּאַטיען. איך רייד שוין נישט דערפון, אַז איטליכער האָט זיינע גרענעצען, און נישט אַלץ איז איהם געגעבען צו פערשטעהן. „קיינער איזט פאָן מיינער טהיר געגאַנגען, אָהנע דאַס איך איהם פּערשטענדניס ענטגעגענגעבראַכט“, האָט נאָך געקאָנט זאָגען דער 18־יאָהריגער לאָריס, וואָס איז היינט אויף דער וועלט בעקאַנט מיט נאָמען הוגאָ פאָן האָפּמאַנסטהאַל. און איך בין שטאַרק מסופּק, אויב דער 35־יאָהריגער האָפּמאַנסטהאַל וועט איצט איבער'חזר'ן דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט צו 18 יאָהר.

איז אָבער די בעציהונג צו רייזענ'ען נישט נור ביי מיר קאַלט, נאָר אויך ביי אַנדערע בעקאַנטע ליטעראַטען און קריטיקער. איך דאַרף נאָר ערינערן אָן נאָמבערג'ס אַרטיקעל און אָן ניגער'ס. פאַר דעם פערנינפטיגערען לעזער איז קלאָר, אַז ביידען איז רייזען נישט צוגעוואַקסען צום האַרצען, און אויב זיי שרייבען וועגען איהם, טהיען

זיי דאָס אויס אַ געוויסען פּליטה-געפיהל. נאָר געוויס נישט, ווייל זייער געמיט פיהלט מיט רייזען'ס פּאָעזיע.

* *

*

א. רייזען איז אַריינגעטרעטען אין דער ליטעראַטור פאַר אַ יאָהר 12--10 צוריק. גראָד אין דער צייט, ווען אין יודישען לעבען האָבען אויפגעבליהט אַלערליי האָפנונגען און חלומות. אין די 90-ער יאָהרען איז געבאָרען געוואָרען דער מאָדערנער ציוניזמוס, דער בונדיזמוס צוגלייך מיט דער האָפנונג צו פערענטפערען די יודישע פראַגע אויפ'ן אָרט, אין זין פון די שפּעטערדיגע אויטאָנאָמיסטען. און די שטימונג פון דער יודישער אינטעליגענץ איז צוגלייך געווען אַ ראָמאַנטישע, אַנ'אויטאָפּיסטישע, אַ קריטישע, אָבער אַלע־דינגס נישט קיין נאַטוראַליסטישע. ווייניגער פאַר אַליץ האָט מען זיך אינטערעסירט מיט דעם נאָהענסטען, פּשוט'ען לעבען. דער בונדיסט האָט געחלומ'ט פון אַ גוי'ישקען יודען אַ סאָציאַליסט, וואָס האָט אַראָבגעוואָרפען פון זיך דעם שימעל און די פּחדנות פון אַ געטאָ-יודען. דעם ציוניסט האָט זיך געמאָלט אַ רענעסאַנס-יוד אין קאָסטיום פון אַ לאַנדמאַן, אַנ'אַקערבויער, ווי אין דער צייט פון ישעיהו הנביא. ער האָט בעקומען אַ גרויסען אינטערעס צו דער אַלטער יודישער געשיכטע, נאָר ער איז מיט אַ כיון אַריבערגעשפּרונגען אַנ'עפּאָכע פון 100 יאָהר, די עפּאָכע, ווען אין פּוילען און ליטא האָט זיך אויסגעבילדעט דער „מה יפית'ניק". די אויטאָנאָמיסטען, רעאַל-פּאָליטיקער האָבען געקוקט אויף דעם היינטיגען געטאָ-יודען, ווי אויף דעם פּועל-יוצא פון הונדערטיאָהריגע בעגרענצונגען. אַלעמען אָבער האָט פערבונדען די פעראַכטונג צום פּשוט'ן, יודישען לעבען, ווי ער שילדערט זיך אין די מעשה'לעך פון אַנ'אברהם רייזען. סיי דעם ציוניסט, ווי דעם בונדיסט האָט אָבגעשטויסען דער „קבצנ'ישער טיפּ" פון רייזענ'ס העלדען. מיט אַ קבצן האָט די סאָציאַלדעמאָקראַטיע ווייניג וואָס צו טה'אָן. פון אַ קבצן ענטוויקעלט זיך נישט דער בעוואוסטזיניגער פּראָלעטאַריאַט. און אויך דער ציוניסט בויט נישט זיינע פּלענער אויף דעם קבצן, אויך ער זאַמעלט צונויף די יונגע קרעפטען פון פאָלק, אויך ער האָפט נישט, אַז די גאולה קען קומען פון דער אָנאָרגאַניזירטער מאַסע קבצנים.

און ווען אויך צו יענער צייט האָט זיך ענטוויקעלט אויף דאָס=נייַ
דאָס אינטערעס צו ר׳ מענדעלע׳ן, צו פּרץ׳ן, ערקלערט זיך דאָס
דערמיט, וואָס אַבּראַמאָוויטש האָט באמת׳ן סאַטיריש אויסגעלאַכט די
אַלטע וועלט, און דאָס אינטערעס צו פּרץ׳ן האָט הויפּטזעכליך אָנ=
געהויבּען צו שטייגען אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט אָנגעהויבּ=
בּען ראָמאַנטיש צו בּעלעבּען די חסיד׳ישע וועלט, אַלס אַ וועלט, וואָס
איז דורך איהר געמיטס=שטימונג פיעל נעהנטער דעם פֿערשטענדניס
פון דעם היינטיגען תּחיה=יודען, און וואָס שילדערט דעם יודען אַ
יום=טוב׳דיגען, אַנ׳אויסגעפּוצטען, געבּענשט מיט דעם חן פון אַ גאַ=
איווען גלויבּען. דערמיט ערקלערט זיך אויך דער סאָציאַלער אינ=
טערעס צום טאַלענט פֿון אַ ש. אַש. אויך ש. אַש האָט אונז גע=
וויזען אַנ׳אַנדער יודען, אין די פֿאָרמען פֿון אַ יונגער ראָמאַנטיק, אין
דעם רוהיגען גלאַנץ פֿון חנו׳דיגער אידיליע. רייזען אָבּער האָט ניט
געקענט וועקען מיט זיינע נאָוועלען ניט קיין געלעכטער, ניט קיין קרי=
טישע, ניט קיין ראָמאַנטישע געפֿיהלען. זיינע ליעדער, וואָס זענען אָפּט
אַזוי איינפאַך אָנגעשריעבּען, דאָס צייטענווייז דערמאָהנען זיי די פּשטות
פֿון אַ פֿאָלקס=ליעד, און צייטענווייז — פּראָזאַ אין גראַמען, און
וואָס ריידען מעהר צו אונזערע רחמנות=געפיהלען, ווי צו אונזער
בּויענדער און שאַפענדער שטימונג — האָבּען נישט געקענט געפינען
קיין אָבּקלאַנג אין האַרץ פֿון דער אינטעליגענץ פֿון זיין דור. גראָד
דאָס, צו וואָס מען האָט געשטרעבּט: צוגעהן צום לעבּען מיט וועניגער
רחמנות, מיט מעהר צוטרויען צו די קרעפטען פֿון דער מאַסע,
האָט נישט געפונען קיין אויסדרוק אין רייזענ׳ס פּאָעזיע. אייביג מאָלט
ער אונז צוטראָטענע, פערשמאַכטע, פֿער׳הלש׳טע מענשען, וואָס זענען
אָרעם אין גייסט און אין געלד, צובּראָכענע נשמות, געפאַלענע נגידים,
בּיי וועמען די געפיהלען פֿון אַמאָליגער נגידות איז מעהר נישט, ווי אַנ׳=
איבּעריגע מישא, און וועלכע טרינקען זיך מיט אַזאַ געזעצמעסיגקייט,
ווי ווען אַ שטיין וואָלט זיי געצויגען אין דעם פינסטערען תּהום.
און אויב מען קומט צו מענשען מיט אַ תּחינות=פּנים׳ל אין דער
צייט, ווען מיר האָבּען געבּענקט נאָך אַ שטיקעלע אַכזריות אין
האַרצען — קען מען נישט פֿערלאַנגען אַ פֿריינדליכען קבּלת פּנים.
און אַז מיר האָבּען געבּענקט נאָך אַכזריות=געפֿיהלען, ד. ה.
צו אַנ׳אַכזריות׳דיגען פֿערהעלטניס צו זיך און צו אונזער יודישען

קיום — ווייסען דאָס אַלע די, וואָס האָבען זיך אָבגעגעבען צו איינע פון די לעצטע כלל'ישע בעוועגונגען צווישען יודען. דער ציוניזם איז דער גרעסטער אַכזר, ווען ער צוגליידערט דאָס לעבען פון היינטיגען יודען, זיין נאָהענטע פערגאַנגענהייט אין זיין שלעכטע געגענוואַרט. דער בונדיזמוס האָט נישט מיט וועניגער אַכזריות אַרויסגערופען אַ פערברענטע שנאה ביי פערשידענע טיילען פון דער יודישער געזעלשאַפט. גראָד אין דער צייט, ווען מענשען זעהען די שאָטענס פון אַ בעסערער צוקונפט, ברעכען זיי מיט אַכזריות אַלע מניעות פון אַ געגענוואַרט, וואָס דערווייטערט די גאולה. מיט וואָס פאַר פעסטיגקייט דער ציוניזמוס האָט מעהר מאָל ערקלערט, אַז ער וויל נישט האָבען צו טאָן מיט די פרינציפען פון פילאַנטראָפיע און בעלי־רחמנות, אַז ער פאָדערט קרבנות ביי זיינע אָנהענגער, נישט דעם קרעכץ פון אַ ווייכען צוקראָכענעם געמיט. און וואָס פאַר אַנ'אַכזר עס איז געווען דער בונדיזם, ווייסען אַלע צו גענוי, אַז מען זאָל זיך לענגער אויף דעם אָבשטעלען.

א. רייזין האָט אָבער אונז שטענדיג געטייטעלט אין די אויגען מיט די בילדער פון אַ וועלט, וואָס איז אויסערליך און אינערליך צוקראָכען, וואָס קען מעהר נישט גלאָצען מיט די קוקערס צום הימעל, און ביי וועמען דער מלאך המות איז אַזאַ נאָהענטער קרוב ווי דער מלאך גבריאל. ווען א. רייזין איז פון טעות וועגען דאָך אָנגענומען געוואָרען ביי די תלמידים פון „בונד", האָט ער דאָס מעהר צו פערדאַנקען זיינע סאָציאַל־פאָליטישע מאָטיווען, ווי דעם הויפטאינהאַלט פון זיינע ליטעראַרישע ווערק. חוץ דעם האָבען נאָך מיטגעשפיעלט דערביי צופעליגע אורזאַכען, ווי זיין בלינדע שנאה צום ציוניזם, די האַמעטענע אַרט זיך איינצושטעלען פאַר'ן זשאַרגאָן א. ז. וו.

* *

*

איך וויל נישט לייקענען, אַז א. רייזין בעזיצט די נויטיגע טעכניק פאַר זיין ערצעהלער־טאַלענט, אַז מאַנכע ליעדער פון איהם מעגען דרייסט קאָנקורירען מיט עכטע פאָלקס־ליעדער, אַז ער בעזיצט אַ געבאָרענע אינטעליגעניץ צו פערענדיגען אָפט זיינע קליי־

נע נאָוועלען און לידער מיט אַ שאַרפֿזיניגען וויץ, מיט אַ שפּיציג וואָרט. אָבער אין זיינע ליטעראַרישע אַרבייטען זעהען מיר קיינמאָל נישט דעם נייעם יוד, וועמען ס'איז שוין מיאוס געוואָרען דאָס אייביגע ליעדעל פֿון רחמנות, און וואָס טהוט זיך ערציהען צו אַ פֿעסטערען, היילענטשטאַרקען אין שעפֿערישען לעבען פֿאַר די אייגענע אינדיווידועלע צוקונפֿט, און פֿאַר די צוקונפֿט פֿון זיין פֿאָלק.

א. רייזין האָט געהאַט אַזאַ בידנעם מזל צו זינגען אַלטע לידער פֿאַר נייע פֿייגעל. און האָטש ער זינגט זיי מיט אַ געבאָרענעם עכטען טאַלענט, אָבער די נייע פֿייגעל זענען אַזוי אונדאַנקבאַר, דאָס זיי זענען אָפֿט מוחל טאַלענט, קונסט, ווען אין דעם ליעד הערט זיך נישט די מעלאָדיע פֿון אַ נייער צייט. מען דאַרף נישט קיין גרעסערן אַכזר, ווי ביאַליק'ן — און ווי ליעב האָט מען איהם! מען דאַרף נישט קיין גרעסערען בעל־רחמנות פֿון א. רייזין, — און קיינער פֿיהלט זיך נישט היימיש אין דעם גערטעלע פֿון זיין פּאָעזיע!

אפֿשר זענען מיר נישט גערעכט קעגען רייזענען — איך מיין אַפֿילו, אַז מיר זענען אַוודאי אונגערעכט קעגען איהם — אָבער אונזער געפֿיהל פֿאַר די צייט, וואָס מיר לעבען דורך איצט, דערלאָזט נישט צו קיין סימפּאַטיען פֿאַר אַ שרייבער, וואָס זעהט נאָר ביי יודען דעם קבצן מיט זיין קבצנ'ישען געמיט, און איז בלינד פֿאַר די ליכטיגערע זייטען פֿון זיין אַלטער רייכער נשמה.

# דר. נתן בירנבוים.

צווישען די אָריגינעלע געשטאַלטען, וואָס האָבען אַרויפֿגעלעגט זייער שטעמפּעל אויף דעם מאָדערנעם נאַציאָנאַל־יודישען געדאַנקען, איז נ. בירנבוים איינע פֿון די אינטערעסאַנטעסטע. שוין אַלס יונגער סטודענט, מיט קנאַפּע יודישע קענטניסען, אָבער מיט'ן פֿאָרגעפֿיהל פֿון דער פֿעראַנטוואָרטליכקייט פֿאַר זיין גזע, טרעט ער אַרויס מיט זיין צייטונג „אויטאָעמאַנסיפּאַציאָן“, וועלכע, היסטאָריש גענומען, איז געווען די ערשטע ציוניסטישע צייטונג אין דער דייטשער שפּראַך. אַלס עסטרייכער יוד איז ער אויסגעוואַקסען אין אַ סביבה פֿון נאַציאָנאַלע קאַמפּפֿען. אָנשטאָט אָבער זיך אָנצושליסען אָהן איינע פֿון די קעמפּפֿענדע נאַציאָנאַליטעטען, ווי טויזענדער אַנדערע פֿון זיינע געבילדעטע חברים, האָט ער געזוכט צו ענטדעקען ביי זיך זיין אייגענעם נאַציאָנאַלען בעוואוסטזיין. אין דעם זידיגען קעסעל, וואו עס מישען זיך אויס מאַדיאַרען, טשעכען, רוסינען און דייטשען, האָט ער ענטדעקט אַ נייעם עלעמענט: די יודישע נאַציאָן. די פּאָראַרבייט פֿון אַ פּרץ סמאָלענסקין, פֿון די ערשטע רוסישע חובבי ציון זענען קוים דערגאַנגען צו זיין גייסטיגען אויג. ווי אַ טיעפֿע, ווייטע מעלאָדיע זענען זיי אַיינגעדרונגען אין זיין אויער. אָבער פֿאַר די פּערזאָן פֿון נתן בירנבוים איז דאָס געווען גענוג אום צו פֿיהלען די ערנסטקייט פֿון דער טעמפּער מעלאָדיע. דער כח הבטול, מיט וואָס דער געוועהנליכער יוד צייכענט זיך ליידער אַזוי אויס, האָט אויף איהם קיין שליטה נישט געהאַט. ער האָט דערפֿיהלט, אַז עס הויבט זיך אָן עפּעס צו וועבען ביי איינצעלנע מענשען פֿון יודישען כלל, און אַז פֿון דעם געוועב וועט אַמאָל בולט אַרויסשפּרינגען די יודישע נאַציאָנאַ=

לע פֿראַגע. לאָטש נ. בירנבוים האָט שוין געהאַט אַזעלכע פֿאָרגעגנגער, ווי פּ. סמאָלענסקין, מ. ל. ליליענבלום און ד״ר פּינסקער, — אָבער געפֿיהלט האָט ער זיך, ווי דער ערשטער, ווי דער יעגער, וואָס איז צוערשט געפֿאַלען אויף די שפּור פֿון דער חיה.

די אידעע פֿון אַ יודישען שטאַאַט אין ארץ ישׂראל איז פֿריה געוואָרען זיין גייסטיגע האַלוציאַנאַציע. נאָר איידער ער האָט זיך קלאָר געמאַכט די פֿראַגע וועגען מענשען-מאַטעריאַל, וואָס האַרף בויען דעם יודענשטאַט, האָט ער שוין אינערליך געפֿיהלט, אַז זיין טרוימענבילד איז נישט קיין געבורט פֿון אַ קראַנקען מה, נאָר די זעהונג פֿון אַ נביא.

רוסאָ דערצעהלט, אַז בשעת עס איז פֿאַר איהם מיט אַמאָל קלאָר געוואָרען די אידעע פֿון זיין שפּעטערדיגען בעריהמטען בוך "Contract social„ האָט ער זיך פּלעצליך דערפֿיהלט אַזוי גליקליך, איבערגליקליך, אַז ער האָט זיך געמוזט צוזעצען. געראָד איז ער געגאַנגען דענמאָלסט אויף אַן'אָבגעלעגענעם שאָסע, ער האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ שטיין און האָט זיך פֿאַנאַנדערגעוויינט פֿון אַן'איגעוועניגסטען גליק.

איך האָב נישט געהאַט דאָס גליק נאָהענט צו קענען די שעפּפער פֿון אונזער מאָדערנעם ציוניזם, נאָר איך צווייפֿעל נישט, אַז מאַנכע פֿון זיי האָבען נישט איינמאָל געוויינט מיט פֿריידענטרעהרען, בשעת זיי האָבען צום ערשטען מאָל דערזעהן פֿאַר זייער גייסטיגען אויג די זעהונג פֿון זייער אידעאַל. נ. בירנבוים, וואָס טראָגט אויף זיך, דוכט זיך, אַלע די דאגות פֿון אַ יודישער תחיה, וואָס קוקט אַזוי פערביטערט און פֿערבייזט אויף אַייך דורך דיקע ברילען-גלעזער פון זיינע קורצזיכטיגע אויגען, איז, גלויבט מיר, אַם וועניגסטען בעפֿרייט געוואָרען פֿון רוסאָ'ס פֿריידענטרעהרען. צווישען די שעפּפער פֿון יודישען רענעסאַנס איז דאָס געווען דער האַלוציאָניסט, דער זעהער, ביי וועמען די גרויסע וואַהרהייטען בעווייזען זיך מיט דער שטאַרקייט פֿון אַ בליץ, מיט דעם קראַנץ פֿון אַ גרויסער ליכטיגקייט.



ביי דער ערשטער יוגענד-פּראָבע איז נ. ב. נישט געבליבען שטעהן. זיין זשורנאַל „אויטאָעמאַנסיפּאַציאָן" האָט, דאַכט זיך, קיין יאָהר ניט אויסגעלעבט. ער פֿערעפֿענטליכט פּראָפּאַגאַנדע-בראָשורען אין דער דייטשער שפּראַך, און זוכט דורך וואָרט און שריפֿט צו פֿעראינטערעסירען די שטודירענדע יוגענד און די מענער פֿון דער וויסענשאַפֿט. מיט דעמזעלבען צעזאַרע לאָמבראָזאָ, וועלכער האָט בעגריסט דעם צווייטען באַזעלער קאָנגרעס, איז שוין זייט יאָהרען געשטאַנען נ. בירנבוים אין בריעף-וועקסעל וועגען דער יודיש-נאַציאָנאַלער אידעע. יאָהרען לאַנג איז ער געווען דער פֿיהרער פֿון וויענער פֿעראיין „קדימה", און ווען עס בעווייזען זיך איצט ביי אונז אויף די קאָנגרעסען פֿערשיעדענע דעלעגאַטען פֿון גאַליציען אין עסטרייך, האָבען מיר אַ סך דאָס צו פֿערדאַנקען דער אַרבייט פֿון נ. בירנבוים.

און זיין אַרבייט איז ניט געווען בלויז אָרגאַניזאַטאָרישע און אַגיטאַציאָנע. פֿאַר פֿיעלע ציוניסטען פֿון מערב-איראָפּאַ איז נ. בירנבוים געווען דער ערשטער טעאָרעטיקער. זיין בוך „די יודישע מאָדערנע", וואו ער האָט געפּרובט פֿעראייניגען דעם ציוניסטישען אידעאַל אינאיינעם מיט די פֿאָדערונגען פֿון סאָציאַליזמוס און דער אינדיווידואַליטעט-טעאָריע, איז פֿאַר פֿיעלע געווען אַ מין יודישער עוואַנגעליום. לעזט מען זיינע אַרטיקלען צושטרייט אין פֿערשיעדענע זשורנאַלען און אַלמאַנאַכען, געפֿינט מען אין זיי די צווייפֿלען און פֿראַגען, וועלכע דערנעהרען איהם צו אַלע שפּעטערע יודישע בעוועגונגען. סיי דער בונדיסט, ווי דער שפּעטערדיגער פּועל-ציון'ניק קענען געפֿינען אין בירנבוים'ס אַנאַליטיש-גריבלערישע שריפֿטען די זעלבע פּראָבלעמען, צוליעב וועלכע זיי האָבען זיך אָבגעטיילט פֿון דעם געוועהנליכען בעל-הבית'שען ציוניסט.

דער סאָציאַליזמוס האָט נישט געטראָפֿען אין נ. ב. אַ קלענערען ענטוזיאַסט, ווי די יודישע געגענוואַרטס-אַרבייט אין די לענדער פֿון גלות. נאָך איידער עס איז געווען דער בעריהמטער העלזינגפֿאָרסער צוזאַמענפֿאָהר, איז שוין נ. ב. אַרויסגעטרעטען פֿאַר אַ ברייטען פּאָליטישען געגענוואַרטסאַרבייט-פּראָגראַם צווישען די עסטרייכישע

יודען. דורך אַ גליקליכֿען צופֿאַל איז נ. ב. געבאָרען געוואָרען אין עסטרייך, זיך פֿריה בעקאָנט מיט דער פּסיכאָלאָגיע פֿון די גרויסע יודישע מאַסען אין גאַליציען און דערבײַ בעקומען אַן׳עכֿט־אייראָפּעאישע ערציהונג, פֿערברענגענדיג זיינע יונגע יאָהרען אין דער סבֿיבֿה פֿון דער מערבֿ־אייראָפּעאישער קולטור. אַלצדינג צוזאַמען האָט גע־בראַכֿט דערצו, אַז נ. ב. איז געוואָרען דער נאַטירליכֿער רינג, וואָס קײַטעלטצוזאַמען דעם אָסט־יודען און דעם וועסט־יודען. ער איז אין געוויסען זין געוואָרען דער מערבֿ־אייראָפּעאישער אַחד־העם, דערבײַ פֿיעל קאָמפּליצירטער, האָטיש נישט אַזוי קלאַסיש קלאָר, ווי דער רוסישער.

נישט איין גייסטיגען קריזיס האָט דורכֿגעמאַכֿט נ. בירנבוים. דער צאַרטער געוויסען, וואָס האָט איהם געטריבען צו זיינע נײַשט אָר־גאַניזירטע ברידער, אין וועלכֿע ער האָט דערקענט אַלע סמנים פֿון אַ ליידענדער נאַציאָן, דער אייגענער געוויסען האָט איהם געטריבען צו דער גרויסער, אַרבייטענדער, ליידענדער מאַסע, וואָס האָט נאָר על־פּי טעות פֿערלאָרען איהרע כּלי זיין געגען די בעדריקער. און גרויס איז געווען זיין „ריס אין האַרצען“ איידער ער האָט טעאָרעטיש פֿעראייניגט ביידע פֿאָדערונגען פֿון זיין גייסט. די אַלטע זעהונג איז געבליבען פֿריש ווי אין דער יוגענד, נאָר די פּערספּעקטיווע האָט זיך געענדערט. דאָס נאָהענטע האָט זיך ווייט אָבגערוקט. „פֿריי פֿליסען די געדאַנקען, אָבער האַרט שלאָגען זיי זיך אָב אין רוים“. דער רוהיגער איינזייטיגער,—אַ כּוֹנ׳דיגע איינזייטיגקייט,—אַחד־העמ׳יזמוס, האָט נישט געקענט בעפֿריעדיגען אַ נ. ב. ער בויט נישט קיין איינציגע זיילען פֿאַר זיין קינפֿטיגען שלאָס, ער וויל זיין סיי דער אַרהיטעקט, סיי דער מאַלער, סיי דער איינפֿאַכֿער מויערער. ער וויל דעם גאַנצען בנין אויפֿבויען. „אין בעשרענקטהייט צייגט זיך דער מייסטער“,— זאָגט געטהע, אָבער נ. ב. גלויבט נישט אין דעם זאַץ. ער איז נישט מקנא אַן׳אַחד־העם, וואָס קוקט אויף דעם יודען מיט דעם רוהיגען בליק פֿון אַ פֿאָלקס־קינד, וואָס האָט אַ טויזענד־יאָהריגע געשיכֿטע, פֿון שפּיץ פֿון די עגיפּטישע פּיראַמידען, און בײַ וועמען ס׳איז נישטאָ קיין אײַלעניש אין זיינע פּלענער: „לכל עת ולכל זמן“, אַלע ווידער־שפּריכֿע וועלען זיך אויסגלייכֿען. אַ פֿאָלק, וואָס איז אַזוי אַלט, האָט צייט. נ. ב. איז גראַדע דער געגענזאַץ פֿון אַחד־העם. אַזוי

ווי יענער שטעקט מיט לייב און לעבן אין דעם אַלטען יודענטום, אַזוי איז בירנבוים פול אָנגעוועהטאָגט פֿון פּיין און נויט פֿון דער געגענוואַרט.

יעדער צייטשטראָם פֿערשלינגט איהם אויף אַ ווײַלע דורך זיינע וועלען אַזוי שטאַרק, אַז צייטענווייז פֿערטרינקען זיי אויך זיין יוגענד־זעהונג. אָבער באַלד שווימט ער ווידער אַרויס פֿון דעם תהום, וואָס האָט איהם אַ ווײַלע פֿערשלונגען, און זיין מוח אַרבייט שוין אויף אַ ברייטערע סינטעזע, אין וועלכער עס זאָל אַריין אי זיין ציוניזמוס, אי די נייע, גערעכטע צייטפֿאָדערונגען.

דערביי ווייזט ער אַרויס אַ געוואַלדיגע עקשנות. ער שטעלט זיך נישט אָב פֿאַר קיין צייט־קרבן. צוליעב דעם ציוניזמוס האָט זיך בירנבוים אויף די עלטערע יאָהרען אויסגעלערנט העבּרעאיש. און פּונקט, אַזוי ווי די בעגייסטערונג פֿאַר איבסען האָט איהם געבראַכט דערצו, אין נויט און דחקות צו לערנען דעניש, אָט אַזוי האָט ער זיך גענומען צו עטליכע 40 יאָהר פֿון זיין לעבען זיך אויסצולערנען ריידען און שרייבען יודיש. אין דעם טאָג, וואָס ער האָט די יודישע שפּראַכענפֿראַגע פֿערענטפֿערט אין זין פֿון דער שפּעטערדיגער טשערנאָוויצער קאָנפֿערענץ (וועלכע ער האָט איינענטליך צוזאַמענגערופֿען), האָט ער געפֿיהלט די הייליגקייט פֿון זיין פֿליכט צו זיין אַ זשאַרגאָניסט, נישט ערגער ווי אַ מענש פֿון די גרויסע יודישע פֿאָלקס־מאַסען.

* * *

עס איז נישט מעגליך אָבצושאַצען נ. ב. אַלס דעם געדאַנקען־העלד פֿון דער יודישער נאַציאָנאַלער בעוועגונג, כּל זמן עס ליגען נישט פֿאַר אונז זיינע זעמטליכע שריפֿטען, וואָס ווערען אַזוי אונגעדולדיג ערוואַרטעט פֿון פֿיעלע זיינע פֿערעהרער. אָבער דאָס ווייס שוין היינט יעדער, וואָס איז גענויער בעקאַנט מיט דער ענטוויקלונג פֿונ'ם ציוניסטישען געדאַנקען, אַז ד"ר נ. בירנבוים'ס גרעסטע בעדייטונג בעשטעהט אין דעם, וואָס ער האָט מיט פֿיעל קענטניס און טיעפֿקייט ענטוויקעלט דאָס נאַציאָנאַל־יודישע פּראָבלעם. די פּערזאָן פֿון נ. ב. קען מען נעהמען אַלס סימבאָל פֿאַר אַלע יודישע פֿראַקציאָנען אין ציוניזמוס, די פּועלי־ציון, ווי די דעמאָקראַטישע פֿראַקציאָן, די סיימיסטען, ווי די אויטאָנאָמיסטען. ער איז די בריק, וואָס פֿעראייניגט דעם אָסט־

יודישען מיט׳ן וועסטליכֿען, טעאָרעטישען ציוניזמוס. ער איז צוגלייך דער גרויסער זוכֿער, וואָס מיהט זיך צו מאַכֿען פֿון ציוניזם אַ ברייטע, נאַציאָנאַלע וועלטאַנשויאונג, אין וועלכֿען עס פֿליסט אויך אַריין דער שטראָם פֿון אַלגעמיין־מענשליכֿע שטרעבונגען. דורך זיין אייביגעס גריבלען, דורך זיינע אייביגע צווייפֿלען ווירקט ער, ווי די האַנד פֿון אַ שטרענגען מדריך, וואָס לאָזט נישט אויף אַ רגע איינדרעמלען. און אַקוראַט, ווי ער וואָלט געפֿיהלט, אַז זיין אָרט איז נישט צווישען די „אויספֿיהרענדע געוואַלט“, האָט ער זיך אָבגערוקט פֿון די אָפֿיציעלע פֿיהרער פֿון דער בעוועגונג, און זוכֿט נור די יוגענד, דעם זעהנזוכֿטפֿאָלען בליק פֿון אַ טאַלענטפֿאָלער יונגער נשמה, וואָס וויל נישט וויסען פֿון אַלערליי פֿעסטע „קרעדאָ׳ס“.

צווישען די „גענעראַלען“ פֿון איצטיגען ציוניזמוס איז נ. ב. דער „נביא“ פֿון איהם, און צווישען דעם קליינעם אָנצאָהל „נביאים“ וועט זיין נאָמען שטעהן אין די ערשטע רייהען.

זיין פֿינף־און צוואַנציגסטער שרייבער־יובילעאום וועט באַלד נאָך בולט׳ער אַרויסווייזען, ווי טיעף ער וואָרצעלט אין די הערצער פֿון אונזער דענקענדער יוגענד. אַלס אַ בשורה פֿאַר׳ן יודישען לעזער קענען מיר מודיע זיין, אַז קירצליך וועלען אַ טייל פֿון זיינע שריפֿטען ערשיינען אין יודיש אונטער דער השגחה פֿון מחבר אַליין.

# ל. קאָבּרין.

גֶעזאַמֶעלטֶע שריפטֶען, ניו-יאָרק.

ל. קאָבּרין האָט אָנגעהויבּען צו שרייבּען מיט אַ יאָהר 17 צוריק, ער געהערט צו די געצעהלטע יודיש-אַמעריקאַנישע שרייבּער, וועלכע האָבּען געהאָלפען בעשאַפען אַן'אַמעריקאַנישע יודישע בעלעטריסטישע און דראַמאַטישע ליטעראַטור. יעקב גאָרדין, ז. ליבּין און ל. קאָבּרין זענען די שפּיצען פון דער דאָזיגער ליטעראַטור. דער ערשטער נאָמען איז בּיי אונז גענוג פּאָפּולער, וועניגער פּאָפּולער זענען בּיי אונז די לעצטע צוויי נעמען. כאָטש עס ליעגט שוין אַ יאָהר 10 בּיי אונזערע בּוכהענדלער אַ בּאַנד נאָוועלען פון איהם, כאָטש פאַר צוויי-יאָהרען האָט ער אונז מהנה געווען מיט אַ גראָבּען ראָמאַן פון יודישען עמיגראַנטישען לעבּען — פונדעסטוועגען איז ל. קאָבּרין זעהר וועניג בעקאַנט בּיי אונז. דער גאַנצער קאָבּרין ליעגט צוזייהט און צושפּרייט אין דער יודיש-אַמעריקאַנישער פּרעסע. ער, וואָס איז הויפּטזעכליך אַ נאָוועליסט, דער טעכניקער פון דער קורצער מעשה'לע, קאָן נור דעמאָלט בעקומען די ריכטיגע אָפּשאַצונג, ווען זיינע צושפּרייטע נאָוועלען זאָלען ווערען געזאַמעלט אויף איין אָרט. און דאָס האָט ערשט פּאַסירט, ווען דער אַמעריקאַנישער זשורנאַל „צוקונפט" האָט געגעבּען אַלס פּרעמיע זיינע אַבּאָנענטען די געזאַמעלטע שריפטען פון ל. קאָבּרין, אַ שיין-געדרוקטען בּאַנד פון 974 זייטען, וואָס ענטהאַלט 70 געקליבּענע נאָוועלען.

צי האָט געוואונען ל. קאָבּרינ'ס נאָמען דאַדורך, וואָס ער האָט פעראייניגט זיינע בעלעטריסטישע סקיצען אין איין בּוך? צי ווערט איצט אונזער פאָרשטעלונג וועגען זיין טאַלענט קלערער? צי

איז מיט דעם בוך צוגעקומען אין דער ליטעראַטור אַ נייע קינסט־לערישע פּערזענליכקייט?

ליידער, מוז מען זיך מודה זיין, אַז ל. קאָבּרין אין דער טונקעלער אַטמאָספערע פון זיין ליטעראַרישער צושפּריטקייט האָט מעהר צוגעצויגען צו זיך דאָס אינטערעס פון קריטיקער און בעאָבּאַכטער פון דער יודישער ליטעראַטור, ווי איצט, ווען ער האָט זיך אונז פאָרגעשטעלט אין זיין גאַנצען וואוקס.

ל. קאָבּרין פערמאָגט אַ סך טהעמעס, עס פעהלט איהם אָבער די איין־איינציגע שטימונג, וואָס מאַכט פון דעם געוועהנליכען נאָוועליסט, מעשה׳לעך־שרייבער אַ קינסטלערישע פּערזענליכקייט; עס פעהלט איהם די שטימונג, וואָס ליעגט הינטער יעדער ערצעהלונג, ווי אַ דונקעלער אָדער פרעהליכער הינטער־גרונד, אָדער וואָס ציהט זיך, ווי אַ מוזיקאַלישער גרונד־מאָטיוו דורך איטליכער סקיצע. זיינע נאָוועלען האָבּען מעהר דעם כאַראַקטער פון אַ נישט שלעכט־דערצעהלטען אַנעקדאָט. זיי פעראינטערעסירען דעם לעזער מעהר דורך די פאַבּולע (ספור המעשה), איידער דורך די אָריגינעלע פּערזענליכע אַרט צו זעהן און צו פיהלען מענשליכע שיקזאַלען און עפּיזאָדען פון מענשליכען לעבּען.

ל. קאָבּרינ׳ס שריפטען זענען געטיילט אין זעקס טייל. די נאָוועלען זענען ניט חראָנאָלאָגיש געאָרדענט, נאָר לויט דער טהעמאַ נאָך, און כאָטש אין יעדען טייל געפינען מיר זאַכען, וואָס צושיידט זיי איינס פון אייננאַנדער מעהר אַלס אַ צעהנדליג יאָהרען, דאָך זעהען מיר צווישען די יוגענד־אַרבּייטען און די שפּעטערע (מאַכמאָל שיינט זאָגאַר, אַז די יוגענד־אַרבּייטען זענען בעסער פאַר די שפּעטערדיגע נאָוועלען), קיין אונטערשייד נישט, דיזעלבּע שפּראַך, די אייגענע ווענינ כאַראַקטעריסטישע אַרט צו שילדערן, די אייגענע חסרונות אין דער בעהאַנדלונג פון דעם טהעמאַ. מען זעהט, אַז ל. קאָבּרין האָט אין קינסטלערישען זין זיך ווענינ וואָס ענטוויקעלט. דאָס לעבּען האָט איהם נור בערייכערט מיט טהעמעס, האָט אָבער נישט פערטיפט זיין קונסט און איהם נישט געמאַכט זעהענדיגער.

זיינע 13 נאָוועלען אונטער דעם טיטעל „ליעבע“ זענען מיטעלמעסיג אין דער גאַנצער אויפֿפֿאַסונג. אין דער יודישער ליטעראַטור איז אַפּילו אַ נייעס דאָס טהעמאַ „יענקעל בוילע“ (פֿון יודישען פּישער־לעבען), פֿאַר׳ן רוסיש־יודישען לעזער זענען אַפּילו אינטערעסאַנט מאַנכע כלאחר־יד הינגעוואָרפֿענע איינצעלהייטען פֿון אַמעריקאַניש־יודישען לעבען — אָבער נאָכ׳ן לייענען לאָזען זיי נישט איבער קיין טיעפֿערן צייכען אין זכרון פֿון לעזער.

די נאָוועלען אונטער׳ן טיטעל „פֿאַמיליען־לעבען“ זענען קליינע בילדלעך, וואָס ווייזען, אַז קאָברין האָט אַנ׳אויג פֿאַר מאַנכע קלייניגקייטען פֿון דעם לעבען אין דער פֿאַמיליע, אָבער וואָס ווערען אָפֿט פֿערדאָרבען דורך די פֿיעל איבערטרייבונגען אין דער שילדערונג („אַ בעשערטע זאַך“) און דורך די אַנעקדאָטישע נאַקעטע אַרט צו בעשרייבען פֿערשיעדענע עראָטישע סצענעס.

זעהר שוואַך און אין געוויסען גראַד באַנאַל זענען די שילדערונגען פֿון יודישען קינסטלער־לעבען. די נאָוועלע „ער און זי“, וואו עס איז, דאַכט זיך, אַרויסגעשטעלט דער אַלטער גאָלדפֿאַדען און אַ יונגער אַמעריקאַנישער „יודעלע קלאַפּשטערן“ פֿון לאַטיינער׳ס חדר — איז אַנ׳אַמעריקאַניש אויפֿגעבלאָזען מעשה׳לע, וואָס ווירקט אויפֿ׳ן לעזער דורך זיין אוננאַטירליכקייט לעכערליך.

בעסערע זאַכען געפֿינען מיר אין „צייט און מענשען“. בעזונדערס געלונגען איז ל. קאָברינ׳ען זיין טיפּ „קאַרל מאַרקס“ צווישען די יודישע עמיגראַנטען־סאָציאַליסטען, וואָס איז, איבעריגענס, געשריבען געוואָרען פֿון קאָברין מיט אַ יאָהר צעהן צוריק. אין פֿינפֿטען טייל צייכענט זיך אויס מיט׳ן פֿרישען טאָן די ערצעהלונג „דער מילכיגער בית מדרש“ (1904). דער זעקסטער טייל, „קאָמישעס און טראַגי־קאָמישעס“, איז אים אַלגעמיין מיטעלמעסיג. ל. קאָברין האָט נישט דעם געבאָרענעם קאָמישען טאָן, און זעלטען ווען צווינגט ער דעם בעסערען לעזער צו אַ קאָמישען שמייכעל.

איבּ אַלגעמיין מוז מען זאָגען, אַז ל. קאָבּרינ'ען, וואָס האָט
אָנגעהויבּען שרייבּען יודיש אין אַמעריקאַ, האָבּען זיך בּעסער
פֿאַר אַלץ אײַנגעגעבּען סיי אין דער שפּראַך, ווי אין דער כאַ=
ראַקטעריסטיק די ליטווישע „היימישע בּילדער". קאָבּרין אַליין
פֿיהלט דאָס אויסגעצייכענט. „לעבּענדיג אין אַמעריקאַ, האָבּ איך
זיך צייטענווייז דערמאָהנט אָן די בּילדער פֿון דער אַלטער היים,
און די שטאַרקסטע פֿון זיי, וואָס האָבּען זיך אַם טיעפֿסטען אײַנ=
געקריצט אין מיין נשמה, האָבּ איך דאַן אין ערצעהלונגען גע=
שטאַלטעט. אַזוי זענען בּעשאַפֿען מיינע ערצעהלונגען „יענקעל
בּוילע", „דער מילכיגער בּית מדרש" און די אַנדערע פֿון היי=
מישען לעבּען" — זאָגט ל. קאָבּרין. די ערצעהלונגען פֿון היי=
מישען לעבּען האָבּען איהם זיך לייכטער געגעבּען בּיי דער אַר=
בּייט, ווי די ערצעהלונגען פֿון אַמעריקאַנישען לעבּען. „שריי=
בּענדיג וועגען דעם יודישען לעבּען אין רוסלאַנד, האָבּ איך —
שרייבּט קאָבּרין — געהאַט פֿאַר זיך אַ בּעשטימטען אויסגעאַר=
בּייטען גאַנצען טיפּ מיט אַ בּעשטימטער וועלט=אָנשויאונג, אַ
נחלה פֿון דורות און דורות, וועהרענד שרייבּענדיג פֿון יודי=
שען לעבּען דאָ האָבּ איך אימער געהאַט פֿאַר זיך פֿערבּלאָנדזשע=
טע נשמות, נישט אײַנגעשטעלטע כאַראַקטערען, אַ כאַאָס=לעבּען...
און פֿון כאַאָס צו שאַפֿען לעבּען און געשטאַלטען, דאָס איז
נישט לייכט".
שאַפֿען פֿון אַ כאַאָס געשטאַלטען איז נור אַ גאָט מעגליך, ל.
קאָבּרין איז אָבּער נישט דער גאָט=געבּענשטער קינסטלער, וואָס
שאַפֿט פֿון כאַאָס. ער איז בּכלל נישט פֿון דעם סאָרט שריי=
בּער, וואָס מען פֿיהלט אין איהם אַ זעלבּשטענדיגע פּערזענליכ=
קייט. אַזוי ווי היגטער זיינע דראַמען זעהט מען דעם שאָטען פֿון
רבּי'ן יעקבֿ גאָרדין, אַזוי וואַרפֿען זיך אין די אויגען צעהנדלי=
גער שאָטענס בּיים לעזען פֿון זיינע נאָוועלען. כאָטש קאָבּרין
זאָגט מיט שטאָלץ אין זיין פֿאָררעדע צו די שריפֿטען, דאָס די
יודיש=אַמעריקאַנישע צייטונגען האָבּען נישט געהאַט פֿאַר זיך
קיין מאָדעל, ווי למשל: די יודיש=רוסישע, — דאָך פֿיהלט מען
אויף יעדען טריט דעם אײַנפֿלוס פֿון עמיצען אין יעדער נאָ=
וועלע קאָבּרינ'ס, אָבּער לײדער איז דער „עמיצער" אַליין אַזאַ

קליינע ציפער אין דער אַלגעמיינער ליטעראַטור, אַז עס איז שווער איהם אָנצורופען ביים נאָמען.

די אַבראַמאָוויטש'עס, פּרצ'ס, די נאָמבערג'ס, די אַש'ס זענען געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון דער רוסישער און פּוילישער ליטעראַטור; די אַמעריקאַנער אָבער האָבען פון קיין זייט קיין מדריך נישט געהאַט; דען די אַמעריקאַנישע ליטעראַטור איז בכלל נישט ווערטה צו טראָגען דעם דאָזיגען נאָמען אויף זיך. אַזוי שרייבט ל. קאָברין. דערביי פערגעסט ער, אַז די אַמעריקאַנישע ליטעראַטור איז די ליטעראַטור פון דער ענגלישער שפּראַך. שעקספּיר, בייראָן, וואַלטער סקאָט, טהאָמאַס מאָר און די שפּעטערע שולען ביז אַנ'אָסקאַר אוּאַילד — ווערען מיט אַמאָל אויסגעמעקט פון קאָברינ'ס זכרון, ער בעמערקט אויך נישט די סתירה, ווען ער וויל אונז, רוסישע יודען, איינריידען, אַז אַן אַמעריקאַנער יודישער שרייבער, וואָס האָט זיין יוגענד צוגעבראַכט אויף די רוסישע קלאַסיקער, איז מיט אַמאָל געוואָרען אין אַמעריקאַ אַ נייער מענש, וואָס האָט פערלאָרען דעם זכרון פאַר אַלץ, וואָס איז געווען אויף יענער זייט ים.

איבעריגענס, אַ היילע וויטער כאַראַקטעריזירט קאָברין אַליין די ערשטע פּיאָנערען פון דער אַמעריקאַניש-יודישער ליטעראַטור מיט די ווערטער: „די דאָזיגע יונגע-לייט האָבען גערעדט רוסיש צווישען זיך, האָבען געהאַוסט פון אַ טשערנישעווסקי און אַ דאָבראָליובאָוו, פון אַ פּיסאַרעוו, ביעלינסקי, פון אַ טאָלסטאָי און טורגעניעוו“, און עס קומט אויס, אַז די שרייבער אין אַמעריקאַ האָבען געהאַט די אייגענע מאָדעלען ווי זייערע רוסישע ברידער. אמת, זיי האָבען נישט געוואוסט פון ר' מענדעלי מוכר ספרים, אָבער מענדעלי אַליין, פרץ אַליין האָבען אויך נישט געוואוסט פון אַ מענדעלי און אַ פרץ און דאָך זענען זיי געוואָרען די שעפער פון אַ נייער ליטעראַטור. ל. קאָברין איז איינער פון די פּיאָנערען פון דער יודישער נאָוועלע אין אַמעריקאַ, אָבער דער פּיאָנער איז נאָך נִיט קיין שעפער, און ווען ל. קאָברין מיינט, אַז ער האָט געשאַפען אָהן פאָרגענגער, בעווייזט עס נור, אַז ער איז טאַקי נור אַ פּיאָנער, נישט קיין שעפער, ווייל דער לעצ-

טער פּיהלט שטענדיג די וואָרצלען, פון וואַנען עס ציהט זיין ווערק די זאַפט און חיות.

*        *

*

אין דער פאָררעדע צו די שריפטען דריקט קאָבּרין אויס דעם געדאַנק, אַז די יודיש־אַמעריקאַנישע ליטעראַטור איז, וואָס אָנבעלאַנגט נייע מאָטיווען, געווען דרייסטער ווי די היגע. זיי, די אַמעריקאַנער שרייבער, האָבען צוערשט אָנגעהויבען בעהאַנדלען די ליעבע און אַלערליי עראָטישע פּראָבלעמען, זיי האָבען צוערשט אַרויסגעשטעלט אין נאַטירליכע פאַרבען דעם יודישען אַרבּייטער, זיי האָבען צוערשט אָנגעהויבען שילדערן דעם טיפּ פון אַ יודישען רעוואָלוציאָנער, דעם טיפּ פון דער מאָדערנער פרוי. מיר דוכט זיך, אַז דאָס איז אַ שטיקעל גוזמא. ערשטענס, איז פּרץ געווען דער ערשטער, וואָס האָט בעריי‏כערט די יודישע ליטעראַטור מיט דעם ליעבע־פּראָבלעם. ד. פּינסקי אין רוסלאַנד איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט ענטדעקט דעם אַרבּייטער פאַר דער יודישער נאָוועלע. און וואָס אָנבעלאַנגט דעם רעוואָלוציאָנער און דער מאָדערנער פרוי — מוז איך מודה זיין, אַז איך האָב זיי נאָך נישט געפונען, נישט ביי אונז, נישט ביי די אַמעריקאַנער. נעהמט מען דעם בעגריף פון אַ רעוואָלוציאָנערן טיפּ טיעפער, נעהמט מען אויך ערנסטער דעם בעגריף פון דער מאָדערנער פרוי — מוזען מיר זאָגען, אַז זיי האָבען נישט געפונען אין אונזער ליטעראַטור קיין אָבשפּיעגלונג, און קיין אָבשפּיעגלונג האָבען זיי ניט געקענט געפינען, ווייל זיי, די טיפּען זענען נאָך אפשר נישטאָ. געוויס קאָן מען שרייבען אויפ'ן „קליינעם בונד" אַ מזמור ווי קאָבּרין און זיי בעשרייבען ווי העלדען מיט אַ פאָהן אין איין האַנד און מיט אַ רעוואָלווער אין דער אַנדערער. מעהר אָבער ווי בענגאַלישע פייערווערק וועט אַזאַ מזמור נישט זיין. דער „קליינער בונד" איז איצט שוין בר־מצוה געוואָרען און לאַכט אַליין פון קאָבּרינ'ס גוזמאות'דיגער פּאָעזיע מכּה איהם.

און דאָך איז ל. קאָבּרין נישט אינגאַנצען אונגערעכט. אין איהם רעדט נישט דער קינסטלער, נאָר דער מענש, וואָס האָט

זיך אויסגעלערנט די טעכניק פון אַ נאָוועלע שרייבען. איהם איז וויכטיגער דאָס טהעמאַ, ווי די קינסטלערישע אויסאַרבייטונג פון אַ כאַראַקטער. און וואָס אָנבעטרעפט טהעמעס, האָט די אַמעריקאַנישע ליטעראַטור, וואָס איז געוואַקסען מיט'ן טאַגע⸗בלאַט און זיך פריה אויסגעלערנט די קונץ צו געבען דעם לעזער אינטערעסאַנטען לעזע⸗מאַטעריאַל, געווים אַריבערגעיאָגט די היגע, וועלכע וויל מ ע ה ר געבען, ווי פשוט'ען לעזע⸗מאַטעריאַל.

אַלס לעזע⸗מאַטעריאַל געהערען ל. קאָברינ'ס שריפטען נישט צו די שלעכטע. ווייניג קונסט, אָבער אַ סך מעשה'לעך, וואָס זענען גוט צום פערוויילען זיך.

# ל. שאַפּירא.

(נאָוועלען. וואַרשוי, פערלאַג „פּראָגרעס״).

צוויי פּאַקטען אין לעבען פון ה׳ ל. שאַפּירא האָבען געמאַכט פון איהם אַ ליטעראַטען: די פּאָגראָמען אין די אָקטאָבער־טעג און זיין רייזע נאָך לאָנדאָן און אַמעריקא אין דעם אייגענעם יאָהר. אייגענטליך איז דאָס ניט געווען קיין רייזע, נור אַ ווילדע לויפעניש, וואוהין די אויגען טראָגען, אַ ווילדער אימפּעט, וואָס האָט איהם געטריבען פון דעם לאַנד, וואו ס׳האָט זיך אָקאָרשט געגאָסען יודיש בלוט.

דערמיט וויל איך אָבער ניט זאָגען, אַז ל. שאַפּירא האָט ערשט נאָך דער גרויסער יודישער קאַטאַסטראָפע זיך אָנגעהויבען פיהלען אַלס קינסטלער. נאָך איידער עס זענען ערשיענען זיינע איצטיגע נאָוועלען האָבען זיך שוין וואו ניט וואו און ווען ניט ווען בעוויזען קליינע, שעֶנע פּראָבען פון זיין פעדער. „דער רב און די רביצען״, „שטאַרקער״ — די ביידע זאַכען האָב איך שוין געלייענט פאַר אַ יאָהר זעקס צוריק, און איך געדענק גאַנץ גוט, דאָס פון צייט צו צייט האָבען זיך בעוויזען קליינע, אָבגעפיילטע קינסטלערישע אַרבייטען אין פערשיעדענע יודישע אויסגאַבען, ווי „צווישען פעלדער״ און אַנד.

אָבער כל זמן עס האָט איהם ניט געטראָפען מאָראַליש דאָס אומגליק פון די אָקטאָבער־טעג, כל זמן די יודישע ערנידערונג און שוצלאָזיגקייט האָט ניט אויסגעברענט אַ וואונד אין זיין האַרצען, איז ער געווען אין דער יודישער ליטעראַטור נאָר אַ צופעליגער גאַסט.

ערשט פאַר אַ יאָהר פינף צוריק האָט ער אָנגעהויבען עפּטער

צו שרייבען, עפּטער צו ענטפּלעקען זיין קינסטלערישען „איך“ פֿאַר דאָס יודישע פּובליקום.

ל. שאַפּיראָ איז פֿאַר דעם ליעבהאָבער פֿון דער יודישער ליטעראַטור אַן אָריגינעלע ערשיינונג. ערשטענס, קומט ער צום לעזער מיט אַ פֿאַרטיגע אייגענאַרטיגע טעכניק, מאַכט קיינעם ניט נאָך און עהנט קיינעם ניט פֿון אונזערע יודישע גדולים. צווייטענס, איז ער כּמעט דער איינציגער, וואָס וויל ניט הערען און ניט וויסען פֿון יודישען שטעדטעל. דאָס וואָס שפּיעלט זיך אָב אין זיינע ערצעהלונגען, פּאַסירט וואו איהר ווילט. — נור ניט אין די טונעיאַדעווקעס און קאַבצאַנאָווקעס.

ווי בעקאַנט קאָנען זיך אונזערע יונגע שרייבער ניט בעפֿרייען פֿון דעם אָרט, פֿון וואַנען זיי שטאַמען, און אַזוי ווי אַלע אונזערע „יונגע“ שטאַמען פֿון קליינע שטעדטלעך, שפּיעגעלט זיך אין זייערע זאַכען קיינמאָל ניט אָב אַ ברייטערעס, קאָכענדיגעס, רייכערעס לעבען, ווי מיר זעהען דאָס אין אַ וואַרשוי, ווילנא, אָדעס, ריגא א. ז. וו.

אַודאי זענען ניט שולדיג דערין אונזערע „יונגע“. אַקוראַט ווי די רוסישע ליטעראַטור שמעקט שטענדיג מיט דאָרף, אַקוראַט ווי די אייראָפּעאישע — מיט דער לופֿט פֿון די גרויסע שטעדט און פֿאַבריק־צענטרען, אַזוי הערט זיך פֿון אונזער יודישער ליטעראַטור, וועלכע איז נאָך ביז ניט לאַנג אויפֿגעוואַקסען אויף אַ קליינשטעדטעלשער סבֿיבֿה, דער ריח פֿון יודישען שטעדטעל.

ל. שאַפּיראָ מאַכט אָבער אַן אויסנאַהם. אין די אַלע 14 זאַכען, וואָס עס גיט אונז היינט ל. שאַפּיראָ, הערט איהר קיים דעם אָבקלאַנג פֿון אַ קליינשטעדטעלדיגער סבֿיבֿה. חוץ איינינע זאַכען („שטאַרקער“, „אין דער טויטער שטאָדט“); אַהאַו עס רייסען זיך אַריין איינינע קליינשטעדטעלשע קולטור־שטריכען, איז דאָס נאָוועלען־בוך פֿריי פֿון יעדען ענגען פּראָווינציאַליזמוס.

דאַדורך בעקומען אַפֿשר זיינע נאָוועלען אַ שאַכערען יודישען קאָלאָריט, אָבער צוגלייך שאַפֿט ער אַ מעגליכקייט פֿאַר דער יודישער קונסט אַרויסצוגעהן פֿון די ד' אמות פֿון אַ טונעיאַדעווקע.

אָבער דאָס זענען דערווייל נור אויסערליכע סמנים, וואָס אונטערשיידען ל. ש. צווישען זיינע חברים בעלעטריסטען. אַלס קינסטלער־טיפּ צווישען אונזערע „יונגע“ איז ער כאַראַקטעריסטיש מיט זיין *שווייגענדיגע פעדער*. זי האָט די מעלה, דעם פיינפיהלענדען לעזער אַרומצוּוויקלען אין אַנ'אַטמאָספערע פון אַ שטילקייט; פון אַ שטילקייט וואָס *שרייט*, פון אַ *פערגלייווערטקייט*, וואָס וועט באַלד מוזען ווערען צופּלאַצט אין טויזענדער שטיקער, פון אַ שטילקייט פון אַ פולווערפאַס, צו וועלכער עס רוקט זיך דער ברענענדער קנויט. ניט דער לעצטער טראַגישער מאָמענט מיט זיינע קולות און ווילדען געפילדער אינטערעסירט איהם, ווי די פּאָר סעקונדען פריהער, וואָס גרייטען צו דעם טראַגישען מאָמענט, ניט דאָס געבאָרענע, זונדערן דאָס שוואַנגערע, ניט דאָס שרייענדיגע לעבען, ווי די שטילע איינגעהאַלטענע קאָנוואולסיעס פון אַ קומענדיגען לעבען. אַזאַ קינסטלער־טיפּ גיט זיך מעהר אָב מיט די זייטיגע ניואַנסען פון אַ לעבעדיג בילד, ווי מיט דעם בילד אַליין, מיט דעם *פערבאָרגענעם* אין מענשען, — וואָס איז נאָך פאַר איהם אַליין ניט קלאָר, — ווי מיט דעם *פאַרטיגען ענטפּלעקטען*.

זוכט ניט ביי ל. שאַפּירא, דאָס וואָס מען רופט, מעשיות; מעשיות, וואָס ליגען ווי אַ יאָדרע אין אַ נוס, אַרום וועלכע עס וויקעלט זיך אַרום די זייטיגע בעשרייבונג. אין ערגיץ פון די 14 נאָוועלען געפינט איהר ניט קיין מעשה, וואָס לאָזט זיך דערצעהלען ווי אַנ'אַנעקדאָט. דערפאַר פיהלט איהר שוין פון דער ערשטער צייל, אַז עס זיצט פאַר אייך אַנ'אָנגעלאָדענע נשמה, אָנגעלאָדען מיט פיין, האַרצוועהטאָג, מיט ליעבשאַפט צו דער נאַטור, צו אַ יונג, פרישׁ לעבען, מיט ליעבשאַפט צו דעם טראַגישען מענשליכען שיקזאַל. דאָס רעדט מיט אייך ניט דער געוועהנליכער נאָוועליסט, נאָר די נשמה פון אַנ'איינזאַמען ווייכפיהלענדען מענשען.

אייגענטליך האָט ל. שאַפּיראָ זיך ניט ריכטיג טאַקסירט. ניט קיין נאָוועלען האָט ער אונז געגעבען, נור אָריגינעלע זעעלענצושטענדע אין אַ בעלעטריסטישער פאָרם.

און נאָך אײנס בעמערקט מען בײ ל. שאַפּירא. ער שטעהט צום לעבען אין אַן׳אַנדער פּערספּעקטיווע, ווי אונזערע „יונגע״. ער האָט זיך שוין אַזוי אָבגערוקט פון איהם, אַז ער זעהט עס שוין ווי אַ ווייטע לאַנדשאַפט (פּייזאַזש). מאַנכמאָל בעקומט דאָס לעבען בײ איהם אַ פּער׳חלומ׳טען אויסזעהן, עפּיס ווי אַן׳עולם־הדמיון, מאַנכמאָל שײנען איהם דאַדורך די מענשען אין לע־בען ווי „קאַטאָוועס־מענשעלעך״ און מאַנכמאָל זעהט ער צוליעב זיין אָבגערוקטקייט נור דעם אויסנאַהם, דאָס גיפטיגע, „די שלאַנגען און עקדעשען״ פון לעבען.

איך בין ניט געקומען איבערצוגעבען דעם לעזער דעם אינהאַלט פון דעם טאַלענטפאָלען נאָוועלענבוך. נאָך דער געגעבענער חאַ־ראַקטעריסטיק מוז מען דאָס בוך לעזען, ווי מען לעזט אַ גע־דיכט אָדער אַ פּאָעזיע אין פּראָזאַ. בײ דער איבערגאַבע פער־לירט זיך גראָד דאָס, וואָס איז אַזוי מוזיקאַליש און שען.

בעמערקען וויל איך נור, אַז דאָס בוך טיילט זיך אין דרײ טיילען, וועלכע זענען פעראייניגט זעהר ניט אָרגאַניש.

די ערשטע 4 נאָוועלען זענען פּאָגראָם־נאָוועלען. אין צענטר פון יעדער שילדערונג פּערפאָלגען דעם פערפאַסער שרעקליכע ביל־דער פון אַ יודישען פּאָגראָם. אַ גאַנץ אַנדערע שטימונג רופט אַרויס דער טייל „אויפ׳ן ים״, וועלכער איז דער בעסטער געלונ־גענסטער טייל אין בוך. דער לעצטער טייל „שטריכען״ זע־נען טאַקי ניט מעהר ווי שטריכען און פערדאַרבען דעם שטאַר־קען איינדרוק, וואָס לאָזט איבער דער צווייטער טייל.

וואָס אָנבעטרעפט די פּאָגראָם־בילדער האָבען זיי געמעגט ער־שיינען אין אַ בעזונדער בוך. זיי זענען בײ אַלע מעלות גע־שריבען פאַר דער צייט און פערפאַסט אונטער דעם איינדרוק פון דער צייט. זיי קאָנען מעהר ניט געבען אַ בעגריף, ווי יודען האָבען רעאַגירט אויף פּאָגראָמען, אָבער אין תוך האָבען זיי קיין גרויסען קינסטלערישען ווערט ניט. אַ צו־אָנגעצויגענע סטרו־נע — פּלאַצט, — גיט אָבער ניט קיין מוזיקאַלישען טאָן. דער פּאָגראָם אַלס צענטר אין אַן׳ערצעהלונג און אַלס הויפּט־מאָ־טיוו, וואָס קאָן מאַכען אַפילו פּלאַצען אונזער נשמה, איז אַזא אָנגעצויגענע סטרונע און קאָן אונז ניט געבען קיין קינסטלע־

רייש׳ען פֿערגניגען. ניט איין טאַלענט האָט שוין געמאָלט ביי אונז דעם דאָזיגען פֿעהלער (שניאור, פינסקי און אַנד.) און ל. שאַפּירא, וואָס האָט אַלס פערזאָן אַזוי טיעף איבערגעלעבט אונזער שאַנד אין 1905, האָט זיך אויך ניט געקאָנט איינהאַל־טען ניט צו שרייבען פּאָגראָם־נאָוועלען. זייערע אייגענע נאָהענ־טע ליידען האָבען זיי געוואָלט בעאַרבייטען. דאָס אָבער וואָס איז צו נאָהענט לאָזט זיך קיינמאָל ניט בעאַרבייטען. די קונסט פאָדערט, אַז די וואונד זאָל זיך שוין פֿערהיילען, איידער מען נעהמט זי קינסטלעריש שילדערן — און דאָס איז ביי אונז נאָך ניט דער פֿאַל.

דאָך בעקענען מיר זיך אין אַלע טיילען פֿון שאַפּיראָ׳ס בוך מיט אַנ׳ערנסטען, איינזאַמען קינסטלער, וועלכער האָט ליעב דאָס לעבען, קוקט אָבער אויף איהם פֿון אַ ווייטער פּערספּעקטיווע און פֿיהלט די שרעקליכע, שווידערנדיגע טראַגישע שטילקייט, די שטילקייט, וואָס ליעגט צווישען וואָלקען און דונער.

# דוד איינהארן.

אונטער דעם טיטעל „שטילע געזאַנגען“ האָט דוד איינהאָרן צונויפגעזאַמעלט זיינע ליעדער, וועלכע זענען צושפּרייט אין ציי־טונגען, זאַמעלביכער און אַלערליי יום־טוב־בלעטלעך.

עס זענען נאָך נישטאָ קיין פיער יאָהר, זינט ד. איינהאָרן האָט אָנגעהויבען זיך צו בעווייזען אין אונזער ליטעראַטור. צווישען דעם בינדטעל ליעדער, וואָס ער האָט געבראַכט, איז געווען:

און גרויס איז דער מדבר, אין וועלכען איך וואַנדער...
דאָס ווינדטעל פערוועהט מיינע עלענדע טריט.
אַך, ווינדטעל, דו ווינדטעל, פערוועה נישט די צייכען,
די צייכען, וואָס ווייזען, אַז איך האָב געלעבט...

—————

און ברייט איז דער מדבר, נאָר איינג איז אין האַרצען,
און אָפטמאָל פון איינגשאַפט שטיל קאַפּעט אַ טרעהר...
אַך, זעמדלעך, איהר זעמדלעך, נישט שלינגט איין די טרעהרען—
די צייכען, וואָס ווייזען, אַז איך האָב געבענקט.

—————

הויך אויבען צושפּרייט זיך אַ פינסטערער הימעל...
איך פיהל ווי עס רוקט זיך אַלץ נעהנטער דער טויט.
פערשיט מיך, דו ווינדטעל, אַך שלינגט מיך איין זעמדלעך!
זאָל קיינער נישט וויסען דעם סוף פון מיין וועג... (ז. 24).

אַ נייער טאָן האָט געקלונגען אין זיי. אַ שטילע בענקשאַפט, אַ שטילער פחד פאַר'ן לעבען, דער ציטערדיגער טאָן פון אַ קראַנקען קינד, וועלכער שטרעקט אויס די בלייכע הענד אויף אַלע זיי־טען, האָט אָבער קיין כח נישט צו האַלטען לאַנג אין האַנד די צאַצקע, וואָס מען גיט איהם. איינהאָרנ'ס פּאָעזיע איז די פּאָ־

עזיע פֿון פּריץ׳ס „קראַנקען יונגעל“. ער פֿערטראָגט נישט קיין שטאַרקע פֿאַרבען, קיין גרויסע ליכטיגקייט. קיין צו־שטאַרק גע־פֿיהל, קיין צו־טיעפֿען געדאַנק. די געוועהנליכע פֿאַרבען פֿון לעבען בלענדען דאָס קינד מיט זייער צו־גרויסער העלקייט. דאָס קאָן נור לעבען און עטעמען אין אַ צימער, וואו געדיכטע שטאָ־רען ציהען זיך איבער די פֿענסטער און שוואַכען אָב די שטראַה־לען פֿון טאָג. און קומען אָן די פֿאַר־נאַכטען, ווען די וועלט אַרום ווערט פֿון זיך אַליין פֿערשוועכט, — געהט ער אַרויס פֿון זיין קראַנקען צימער און באָדט זיינע שלאַפֿע גליעדער אין לבנה־שטראַהלען און אין די „וויסליכע זיידענע נעבלען“ פֿון אַ שטי־לער נאַכט. ראָזע נעבלען, זאַנפֿטע ווינדטעלעך, אַ טייכעל, וואָס מורמעלט, בלאַסע שטערנדלעך. לבנה־שיין — דאָס זענען די פֿאַרבען און קלאַנגען, וועלכע מאַכען פֿול איינהאָרנ׳ס פּאָעזיע.

פֿון די ברייטע גאָלדענע פֿעלדער וועהט אַ ווינטעלע אַ זאַנפֿטער.
און דער קלאָרער טייכעל מורמעלט, ווי פֿון שלאָף אַ קינד,
טיעף פערזונקען אין געדאַנקען שטעהען דרעמלענדיג די בוימער,
און די דונקעלע לאָנקע הילט אַ ראָזער נעבעל איין.
— — — — — — — — — — —
בלאַסער, בלאַסער ווערט דער רויטער פֿלעק אין בענקענדיגען
מערב,
און אַ שאָטען אַ געהיימער הילט די פֿעלדער איין.
ווייט אין מזרח הויבט אָן בלייכען, עמיץ הויבט דאָרט אָן צו
האָפֿען...
וואַרט, עס וועט זיך באַלד צוגיסען דער לבנה־שיין...

נור ליעבער פֿאַר אַלץ האָט ער די נעבלען, די ראָזע נעבלען, די וויסליכע זיידענע נעבלען, די זיידענע טולען פֿון ליכטיגע אָוועגדס, די זיידענע צאַרטע שאָטענס פֿון אַ נאַכטיגען דרעמיל, קורץ, דעם פֿיינעם דינעם נעץ, וואָס פֿערציהט די שטאַרקע העזה׳דיגע פֿאַרבען פֿון לעבענס־פּנים מיט אַ שלייער, און מאַכט פֿון רייכען קאָכעדיגען, ליידענשאַפֿטליכען טאָג אַ כלה־פּנימ׳ל, וואָס נאַרט, בענקט, טרויערט שטיל און הלומ׳ט זיך פון עפּיס אַ בן־מלך אָדער אַ פֿער׳כשופֿ׳טער פרינצעסין.

ד. איינהאָרן פֿערוואונדערט נישט דעם לעזער מיט זיינע אָריגינעלע בילדער, זעלטענע איינפֿאַלען און דערגלייכען. עס געפֿינט זיך ביי איהם נישט קיין איין מאָטיוו, וואָס אַנדערע, יודישע אָדער נישט־יודישע פּאָעטען זאָלען דאָס שוין נישט האָבען בעריהרט. נאָכמעהר. מען פֿיהלט, אַז עס זענען איהם נישט פֿרעמד די אויסלענדישע און די רוסישע פּאָעטען. דאָס, וואָס ער בענוגענט זיך אין זיינע ליעדער נור מיט דעם מוזיקאַלישען ריטם אַליין, אַוועקוואַרפֿענדיג אָן אַ זייט דעם גראַם — בעווייזט, אַז ער איז אַ תּלמיד פֿון דער מאָדערנער אייראָפּעאישער פּאָעזיע. ער בעזיצט אָבער צוויי מעלות, וואָס צייכענען איהם אויס צווישען אַ סך פֿון זיינע חבֿרים: דער טאָן, דער טאָן פֿון אַ שענער קראַנקער יוגענד, כאָטש נישט אָריגינעל, איז ז י י נ ע ר, אַנ׳אייגענער, אַ טיעף אויפֿריכטיגער; צווייטענס, איז ער מוזיקאַלישער און מאָלערישער פֿון אַלע זיינע חבֿרים — פּאָעטען פֿון די לעצטע יאָהרען. ער פֿערמאָגט אַ פּענזעל מיט אַלערליי פֿאַרבען־איבערגענג פֿון ראָז ביז די זילבער־פֿאַרבען פֿון אַ לבֿנה־שיין. זיין בענקשאַפֿט, זיין הונגעריגע נשמה האָט זיך גענומען פֿאַר די פֿאַרבען, וואָס מאָלער רופֿען דאָס מיט׳ן נאָמען נ י ש ט ג ע ז ע ט י ג ט ע. זיין אויער כאַפּט אויף די מוזיקאַלישע קלאַנגען פֿון שטילע אומעטיגע איינפֿאַכע מעלאָדיען. אין זיינע ליעדער געפֿינט איהר זעלטען ווען אַ געקינצעלטען טאָן, און אַיינגעהילט זענען זיי אין אַ שטיל־זינגענדיגער שטילקייט. זיי זענען, מעהרסטענטיילס, אמת׳ע „שטילע געזאַנגען“.

אין דער זאַמלונג זענען נישט אַלע ליעדער גלייך גוט אויסגעאַרבייט. למשל, נישט ווייט פֿון די אויסגעצייכענטע שטימונגסבילדער „ליטאָ“, „אין אַ לבֿנה־נאַכט“, „פֿאַרנאַכט“ געפֿינען מיר דאָס ליעד „פֿערבלאָנדזשעטע“ מיט דעם נישט־יודישען זאַץ: „מיין האַרץ, מיין האַרץ געהט אוים אַליין אין מיטען וועלט“. מען פֿיהלט אַמאָל, ווי ד. איינהאָרן מאַטערט זיך מיט דעם יודיש זיינעם. ער וויל בלייבען טריי דעם גייסט פֿון דער שפּראַך, און צוגלייך זי פֿעראיידעלען, מאַכען פֿון איהר אַנ׳אינסטרומענט פֿאַר פֿיינע לירישע פּאָעזיע. ניט אומעטום גיט זיך איהם דאָס איין. ד. איינהאָרן איז נאָך נישט קיין פֿאַרטיגער. דאָס ערשטע זאַמעל־בוך

ליעדער ווייזט אָבער אונז שוין, אַז ער נעהמט ערנסט צום האַר־צען די אויפגאַבען פון זיין טאַלאַנט און מיהט זיך צו פעראייניגען דעם גרונד־טאָן. פון זיין פּאָעטישען גייסט מיט דעם גייסט פון דער שפּראַך.

נאָך מ. ראָזענפעלד, רייזען איז ד. איינהאָרן די אינטערעסאַנטעס־טע ערשיינונג אין אונזער יודישער לירישער פּאָעזיע.

# ז. ליבין.

צוויי נעמען פון די אַמעריקאַניש-יודישע שרייבער זענען אַלע-מען בעקאַנט. דער איינער האָט געלעגט זיין שטעמפּעל אויף דעם היינטיגען יודישען טעאַטער און דער אַנדערער האָט אונז בעשאָנקען מיט זיין פּאָעזיע, וואו עס הערט זיך דער ליידענדער קרעכץ פון דעם יודישען עמיגראַנט, וועלכער קומט אום אין די שוויץ-ווערקשטאַטען. יעקב גאָרדין, דער יודישער דראַמאַטורג, און מאָריס ראָזענפעלד, דער זינגער פון יודישער קבצנות אין גאָלדענעם לאַנד, זענען גע-וואָרען די פּאָפּולערסטע שרייבער ניט נור אין אַמעריקא, נאָר אויך ביי אונז אין רוסלאַנד. געהערט האָבען מיר, פערשטעהט זיך, אויך פון אַנדערע שרייבער, אָבער אין זייערע ווערק האָט זיך ניט אָב-געשפּיגעלט דאָס יודיש-אַמעריקאַנישע לעבען. מייסטענס האָט זיך געפיהלט דער וועהטאָג פון „גרינעם", וואָס האָט זיך נאָך ניט איינ-געלעבט אין דער נייער סביבה און וואָס הערט ניט אויף צו חלומ'ען פון זיין טונע-אַדאָוקע און קאַבצאַנסק. די נייע, שווערע מערדערישע לעבענס-פאָרמען, אין וועלכע עס פאַלט אַריין אַ יוד אין אַמעריקא, זענען ניט אַרויסגעקומען אין זייערע ערצעהלונגען און געדיכטע. מען האָט נור געזעהן, אַז דער נאָפּעלשנור, וואָס פערבינדט דעם „גרינעם" מיט דער פּאָגראָם-וועלט, איז נאָך ניט אָבגעשניטען גע-וואָרען, און אַ בענקעניש האָט זיך געהערט פון יעדער צייל. דאָס בענקעניש נאָך דעם ליטווישען טויטען שטעדטעל, וואו עס ליעגט זיך אַזוי מהיה׳דיג זומערצייט אין היי.

פון צייט צו צייט איז דערגאַנגען צו אונזערע אויערען, אַז עס געפינט זיך אין ניו-יאָרק אַ געוויסער ז. ליבין, וועלכער שרייבט קליינע סקיצען, מעשה׳לעך און סצענקעס פון יודישען לעבען אין ניו-יאָרקער געטאָ. אָבער די סקיצען זענען צעוואָרפען געווען אין

טויזענדער אַמעריקאַנישע בלעטער, און מען האָט געמוזט שוין זיין אַ געבוירענער קאָלעקציאָנער, אום צו קאָנען אויפקלייבען דעם צע־זייטען ליבינ'ען, וואָס האָט זיך סקיצענווייז צעוואָרפען אין טויזענדער צייטונגס־בלעטער. און דעריבער האָבען מיר ניט געקאָנט זיך גע־נויער בעקענען מיט דעם דאָזיגען יודיש־אַמעריקאַנישען טאַלענט. אַ דאַנק אָבער צום פערלאַג פון מ. וואַלענקאָ, ליגט איצט פאַר אונז אַ בוך פון ליבינ'ס געקליבענע סקיצען. און מיר קאָנען זיך באַלד איבערצייגען, אַז אין איין הינזיכט מעג ליבין מיט מעהר רעכט פרעטענדירען אויף פּאָפּולאַריטעט ביים רוסיש־יודישען לעזער, ווי יעקב גאָרדין און מ. ראָזענפעלד.

שוין יאָהרעלאַנג, ווי מען הערט אַ טענה פון יודישען ליבהאָבער פון ליטעראַטור צום אַמעריקאַנישען ליטעראַרישען ברודער. ער בעט זיך, מען זאָל איהם געבען אַ רעאַלען בעגריף פון די, וואָס „מאַכען אַ לעבען" אין אַמעריקא. ער בעט זיך ביי זיי ריין אַמעריקאַניש־יודישע בילדער. זאָגאַר יעקב גאָרדין און מ. ראָזענפעלד האָבען ניט גענומען אין בעטראַכט די טענה. זעלטען ווען איהר געפינט ביי די דערמאָנטע אַ ווערק, וואָס האָט ניט געקאָנט געשריבען ווערען אין רוסלאַנד אָדער גאַליציען. אמת, מאָריס ראָזענפעלד האָט אונז געפּרובט געבען לידער פון יודיש־אַמעריקאַנישען קבצן, וואָס לעבט שוין אין נייע קאַפּיטאַליסטישע פאָרמען, — און דערום איז ער טאַקע אַזוי פּאָפּולער געוואָרען, — אָבער זיי פערנעהמען נור אַ קליין טייל פון זיין פּאָעטישען אָדער. די אַלגעמיין־לירישע און נאַציאָנאַלע מאָטיווען האָבען קיין פאַטערלאַנד ניט און אַהינטער זייער מעלאָדיע שיינט ניט דורך דאָס יודישע ניו־יאָרק.

דער איינציגער אָבער, אויף וועמען מען קאָן דאָס ניט זאָגען, איז ז. ליבין. פון דער ערשטער ביז דער לעצטער זייטעל פערגעסט איהר אַ ווייל ניט די סביבה פון יודישען עמיגראַנט. מען קאָן פּאַסט זאָגען, אַז איהר געפינט ניט קיין צייל, וואָס עס זאָל ניט זיין דורכגעווייקט מיט די ספּעציעלע ליידען פון אַן עמיגראַנט, וואָס „גרינט" זיך ביס־לעכווייז אויס.

איבער די עטליכע צעהנדליג סקיצען שטעהט דער שאָטען פון אַ מלאך־המות אין געשטאַלט פון די אַמעריקאַנישע שוויץ־וואַרשטאַ־טען, וואָס זויגען אויס ביסלעכווייז דעם אָנגעקומענעם עמיגראַנט.

אין יעדער כקיצע זעהט איהר דעם סך־הכל פון אַ לעבען, וואָס האָט אָבגעהיטשעט בײַ די מאַשינעס אין ענגע צימערען, אין דער פערשטיקטער לופט. עס טראָגען זיך פאַר אײַך בילדער פון געזונטע מיידלעך, וואָס קומען קײַן אַמעריקא מיט פולע באַקען, „אַז דאָס בלוט שפּריצט“, און ענדיגען אין אַ יאָהר צעהן אַרום אין די בקור־חולים׳ס.

איהר זעהט דאָ דעם יודען, וואָס האָט אין אַ משך פון צעהן יאָהר צעהנדליגער מלאכות און וואָס געהט אוים פון הונגער אין צייטען פון „סלעק“ (ווען עס איז ניטאָ קײַן אַרבייט).

איהר זעהט דאָ די אַמאָליגע אינטעליגענטען, וועלכע קומען קײַן אַמעריקא מיט אידעאַלען און הויכע פּלענער, ווערען צעטראָטען אין קאַמפּף פאַר אַ שטיקעל ברויט און קאָנען זיך ניט פרײַ מאַכען אַ רגע פון די שרעקליכע דאגות ווענען אַנ׳אָרימער הזונה.

אין די כקיצען זעהט איהר דעם פּעדלער, וואָס ליידט אַלס יוד בײַן די אַנטיסעמיטישע גאַסענבאָדיונגען, וואָס ליידט אַלס פרומער יוד פון די נײַע לעבענס־בעדינגונגען. איהר זעהט דעם אַרבייטער, וואָס געהט אַרום אין די סלעק־צייט הונגעריג, זיין נאַכטלעגער איז אַ באַנק אין אַ גאָרטען און וואַרימען וואַרימט ער זיך אין ערגיץ אַ וואַרטצימער פון קראַנקענהויז, וואו מען נעהמט אָן אומזיסט קראַנקע. איהר בעקאָנט זיך מיט ניו־יאָרקער ענגע און הויכע הויפען, וואו עס הילכען די שטימען פון אַ גאַנצען יודישען שטעדטעל. איהר זעהט אַפילו דעם בוים אויף די הויפען, וואָס קאָן ניט וואַקסען צוליעב דער פערשטיקטער לופט אין זיי. ס׳געהען פאַרבײַ פאַר אײַערע אויגען צעהנדליגער יודישע פּנים׳ער פערוועלקטע, אויסגעלאָשענע, צעריבענע פון דער אַכזריות׳דיגער אַמעריקא.

ווי איך האָב אויבען געזאָגט, שוועבט איבער אַלע כקיצען פון ליבינ׳ען דער שוויצוואַרשטאַט. ליבין האָט אין זײַן פעדער אײַנגעזאַפּט אַלע ליידען, מיט וועלכע זי פילט אָן די „הענד“ אין איהר. און לויט דעם קרעכץ, וואָס הערט זיך פון יעדער ציילע, לויט דעם טיעפען רחמנות, וואָס קלינגט פון יעדער שורה, פיהלט מען, אַז עס שרייבט ניט אַ געוועהנליכער שרייבער, זונדערן אַ טיעף ליידענדע האַרץ.

ווען איך זאָל וועלען בעשטימען, אין וואָס בעשטעהט ליבינ׳ס טאַ־

לענט, וואָלט איך געזאָגט: ניט אין דער פֿיינקייט פֿון דער שפּראַך, ניט אין דער שטאַרקער פֿאַנטאַזיע פֿון שרייבער, ניט אין דעם, וואָס ער קלייבט אויס דעם כאַראַקטעריסטישען אויסדרוק, ניט אין דעם ביטערען הומאָר, און ניט אין דער שאַרפֿער בעאָבאַכטונגסגאַבע אָדער אין דער פּסיכאָלאָגישער אַנאַליזע — זונדערן אין דעם טאָן זיינעם, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט ליידען, וועלכער איז אַזוי ריהרענד און נאַטירליך מיט דעם רחמנות, וואָס ליעגט אין איהם אויסגעגאָבען. דערמיט וויל איך ניט זאָגען, אַז ז. ליבין האָט קיין פֿאַנטאַזיע ניט. מאַנכע זאַכען, ווי „פּאָדאָלקינ׳ס חלום“, „דער בוים“ און אַנדערע, ווייזען, אַז ער פֿערמאָגט אויך אי דאָס. און זיינע „אַרויסגעטריבענע קעניגע“, „כתבים פֿון אַ ציטונגס־טרעגער“ און אַנדערע, צייגען איהם אַלס ליטעראַט מיט אַ געבאָרענעם הומאָר. אויך זיין דיאַלאָג איז נאַטירליך און לעבעדיג, און מאַנכע קליינע סקיצען, ווי „צוויי תנאים“ בעווייזען, אַז ער פֿיהלט דעם שטילען קאַמפּף פֿון אַ פֿרויענזעלע. אָבער שטאַרקער ווי אַלץ ווירקט ער אויף אונז מיט דעם ביטערען ליידענדען טאָן פֿון אַ מענשען, וואָס האָט אַזוי פֿיעל דורכגעלעבט, וואָס ווערט צעגאַנגען פֿון אַ טיעפֿער רחמנות צום עלענדען עמיגראַנט, וואָס לויפֿט אין דאָס גאָלדענע לאַנד זוכען גליקען.

אין די סקיצען פֿון ז. ליבין וועט איהר זיך בעקענען מיט אַ וועלט, וואָס איז אונז אַזוי נאָהענט און פֿון וועלכער מיר האָבען אַזאַ שוואַך בילד. ווילט איהר וויסען דעם לעבענס־גאַנג פֿון אייער קרוב, וואָס לאָזט זיך מאָרגען אויפֿ׳ן שיף — טאָ לייענט ז. ליבינ׳ען. פֿאַר אייערע אויגען וועלען זיך פֿונאַנדערטראָגען בעקאַנטע טיפּען און געשטאַלטען. עס וועט אייך זיך דוכטען, אַז איהר זיצט ביים פֿענסטער פֿון אַ ברייטער גאַס, וואו עס אײַלען און לויפֿען די מענשען, און איהר וועט מיט שרעק זעהן, ווי די אַלטע פּנים׳ער האָבען זיך געביטען אין אַמעריקא.

דען אַליין, וואָס איהר האָט דאָ אין קליין שטעדטעל איז אויך דאָרטען. איהר האָט דאָרטען סאָציאַליסטען, ציוניסטען און נאַציאָנאַליסטען, איהר האָט דאָרטען די אייגענע יודישע פֿראַגען און פּראָבלעמען, איהר האָט דאָרטען דעם אייגענעם אַנטיסעמיטיזם, דעם אייביגען האַס צום „אייביגען פֿאָלק“, וואָס „פּעדעלט“ אין אַמעריקא.

און דאָך האָבען זיך די אַלע פנימ'ער עפּיס געביטען, און דאָך קאָנט איהר ניט קוקען אויף דעם שינוי מיט רוהיגע אויגען.

ז. ליבין פיהרט אַייך גיך, ווי אַ סקיצען-שרייבער, פון מענש צו מענש און אַ טרויער ליעגט אויסגעגאָסען אין דער צייט, ווען ער מאָלט אַייך אין קורצע ליניען דעם אַמעריקאַנער רוסיש-יודישען עמיגראַנט.

פיעל האָבען מיר צו פערדאַנקען יעקב גאָרדין און מאָריס ראָזענפעלד'ן. אָבער ערשט אַ דאַנק די געזאַמעלטע סקיצען פון ליבין'ען — בעקומען מיר אַ האַרציגען, קלאָרען און טרויעריגען גרוס פון אונזערע פערוואָגעלטע ברידער.

I

# די יודישע גאַס.

איך געה דורך די רוישענדע גאַסען און זוך אַנ'אַלטען בעקאַנטען, אַ בעקאַנטען פֿון מיינע יונגע יאָהרען, וואָס האָט אייגענטליך קיין נאָמען און קיין פּנים ניט, וואָס זעהט אויס, ווי אַ בלייך־בלויער חלום, ווי די פֿאַרבען פֿון אַ נעכטיגען טאָג. איך זוך די יודישע גאַס פֿון חדר־יונגעלווייז, בשעת איך האָב נאָך געריטען אויף אַ שטעקען און נאָך געשפּיעלט זיך אין שאול'ן־און־דוד'ן אין דעם ענגען הויפֿעל פֿון ירוחם דעם מלמד און גנבה'שדיג דערטרונקען דעם ים־שטעקעל פֿון בייזען רבי'ן אין ברונעם פֿון הויפֿעל. איך זוך די יודישע גאַס, וואָס פֿלעגט צייטענווייז בעקומען אַ נשמה, אָנהויבען ציטערן און פֿלאַטערן אין די אלול'דיגע טעג, סליחות־צייט, בשעת עס פֿלעגען זיך אַרויסרייסען פֿון די קלייזלעך די טרוקענע קולות פֿון אַ שופר און טיעף ביינאַכט פֿלעגט לויפֿען אַ פֿערשפּעטיגטער דאַוונער מיט'ן טלית און תּפֿלין אונטערן אָרעם צו די פֿינקעלנדיגע שויבען פֿון אַנ'אָרימען בית־המדרש'ל. איך זוך די גאַס, וואָס פֿלעגט צייטענווייז בעקומען אַ פֿרעהליכען יום־טוב'דיגען פּנים, בעת פּורים פֿלעגט ר' איצעלע דער מגיד געהן שכור'ליך מיט אַ פּאָמעלע איבער יודישע הויפֿען און זינגען זיין „שושנת יעקב“ און שמחת־תורה פֿלעגט ער אײנברעכען די עמוד'ס און די שאַפֿעס פֿון בעלי־בתּים מיט זיין הילכיגען קול אין זיין „אנא ד' הושיעה נא“. איך זוך די פֿאַרבען און שאָטענס, וואָס האָבען ווי אויסגעטאַפּעצירט די גאַס מיט אַ בעזונדערען קאָליר און איהר בעשאָנקען מיט אַ יודישען חן... און קאָן זי ניט געפֿינען.

צי בין איך דאָס שוין אַזוי ווייט פֿון דער יודישער גאַס, אַז
איך זעה זי שוין נור ווי דורך אַ חלום? אָדער צי איז שוין די יו=
דישע גאַס אַנ'אַנדערע געוואָרען, האָט פֿערלאָרען איהרע אַמאָליגע
פֿאַרבען, און צוזאַמען מיט אַבֿרהם קעז, דעם אייביגען שוהל=
קלאַפּער, און לייבע פּאַק, וואָס פֿלעגט כל ימיו זאָגען מיט
ניט=געלערנטע ווייבער ודוי פֿאַר'ן טויט, — אַוועק קיין אואיי=
טשעפּעל אין לאָנדאָן און אין איסט=סייט אין ניו=יאָרק? ניין...
אַבֿרהם קעז איז שוין אַ נפֿטר, און לייבע פּאַק און ירוחם דער
שלייפֿער און ר' איצעלע מגיד זענען שוין אײַנגעבויגענע זקנים
מיט בלויע טרוקענע ליפּען און גרין=גרויליכֿע פּאות. אָבגע=
שטאָרבען איז ביי זיי די אַמאָליגע פֿרעהליכֿקייט; מיט טונקעלע
בליקען קוקען זיי אויף זייערע אייניקלעך, וואָס יאָגען זיך אין
רוסלאַנד נאָך אַ פֿאַרמאַצעווטען=דיפּלאָמכֿעל און אין אַמעריקאַ נאָך
אַ פּעדלער=דאָלאַר.

די יודישע גאַס איז בעגראָבען געוואָרען דורך דער גרויסער
שטאָדט מיט איהרע טראַמוואַיען, עלעקטריע און קאַנאַליזאַציע;
מיט דעם קנויל פֿון דראָטען, וואָס ציהען זיך ווי קונציגע שפּינ=
וועבס איבער איהר פֿערראָסטעטען אָרעמען ערובֿ. די יודישע
גאַס, וואָס איז גור מעגליך געווען ביי אַ צײַט, ווען עס איז
ניט געווען קיין גרויסער חלוק צווישען שטאָדט און דאָרף, ווען
איטליכֿע זאַך איז זיך געלעגען אין זיין מחיצה, ווי אַ יאָדרע
אין אַ נוס — איז צעקוועטשט געוואָרען פֿון די אײַזערנע פֿיס=
טען פֿונ'ם גרויסשטעדטישען לעבען, וואָס וואַרפֿט זיך אַרום מיט
גאַסען און מענשען ווי מיט אַ פּילקע.

די גרויסע שטאָדט איז אַנ'אַכֿזר. זי האָט ניט קיין רחמנות מיט
די אָבגעבלאַקירטע טאַפּעטען; זי פֿערקלעבט איהרע גאַסען מיט
אַנ'אייגענעם מוסטער און אייגענע קאָלירען. און קאָן זי דאָס
אַלטע ניט בייקומען, — פֿערשטויסט זי איהר פֿונ'ם מענשענס
אויגען און פֿעררוקט עס אין חורבֿות, הייהלען און הינטער=פּאַר=
קאַנס.

ווי אַ מאָל די אַלטע גריכֿישע געטער, האָט געמוזט די אַלטע
יודישע גאַס זיך פֿערבעהאַלטען הינטער אַ פּאַרקאַן, וואו עס

זאָל צו איהר שוין ניט דערגרייכען די גרויזאַמע פויסט פונ'ם ניי=
מאָדנעם עוג=מלך=הבשן, די גרויסע שטאָדט.
די אַלטע יודישע גאַס איז געווען די פערגליווערטע יו=
דישקייט, זי האָט שוין ניט געהאַט אין זיך קיין בעווע=
גונגס=ציעל. דאָס נייע אייראָפּעאישע לעבען, וואָס איז גע=
ווען דורכאויס בעוועגונג, האָט זי געמאַכט ניט=ווילענדיג פאַר
אַ נע=ונד'ניק. און זי איז אַוועק הינטער חורבות און פאַרקאַנעס,
וואו עס וואַקסען נור מאָך און דערנער.
און ווען מען זוכט איצט אַ יודישע גאַס, זוכט מען אַ בלייכ=
בלויען חלום, די פאַרבען פון אַ נעכטיגען טאָג.

II

# מען לייזט נישט.

מען לייזט נישט...
ווי שטעקענס שטעהען זיי אָנגעשפּאַרט בּיי די טירען פֿון די קראָ־מען, און קוקען אין גאַס אַריין. ווען נישט דאָס פּנים, אויף וועלכען עס האָט זיך צוגעפּאָסען אַנ'אומעט און אַ נישט־ניחה'קייט, — וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז דער בּעל־הבּית און דער משרת, וואָס שטעהען בּיי די טהירען, ווי ליימענע גולמ'ס, זענען אויך אַזאַ מין „אויס־שטעלונג“, ווי די ציצענע בּלוזקעס און די העל־קאָלירטע שלייקעס, וואָס פֿערהאַפּען דעם פֿאַרבּייגעהער מיט זייער שענקייט און קאָליר.
מען לייזט נישט, און דער משרת שעמט זיך פאַר'ן בּעל־הבּית. ווייל מען שטעהט אָב אַ גאַנצען טאָג אין הוילע פּוסטקייט. און קומט אָן דער פריטאָג, ווען ער נעהמט אָב זיינע שכירות, דאַכט זיך איהם, אַז די שכירות זענען אַ מין גמילת־חסד. — און עס פלאַמט איהם דאָס פּנים.
דעם בּעל־הבּית איז נאָך ערגער. ער דערמאָהנט זיך אָן דאָס ליעדעל, וואָס ער האָט געזונגען יונגעלווייז: „דירה־געלד דעם בּעל־הבּית, דירה־געלד דעם גאָראָדאָוואָי, דירה־געלד דעם פּאָמאָשטשניק; אָי, דירה־געלד, דירה־געלד!!“. ער דערמאָהנט זיך אָן די וועקסלעך, וואָס לויפען, לויפען און קייקלען זיך אַזש צום נאָטאַריוס אַריין; אָן זיינע שטעהענדיגע „קאָנטעס“, וואָס ער האָט שוין נישט געבּיטען אַ הדשים זעקס; אָן דעם פויער, וואָס קומט נישט אין שטאָדט אַריין, האָטש טהו וואָס דו ווילסט; אָן די וואַסערען, וואָס ווילען זיך בּשום אופן נישט אָבּשטעלען; אָן די ווענען, וואָס הויך פרעסט און הייך נעהמט זיי קיין טייוועל נישט, און זענען בּלאָטיג און זומפּיג, האָטש

געהה און טרינק זיך. זיין פּנים ווערט נאָך מעהר אויסגעצויגען, זיין וועלאָסיפּעדען-ביצעל קירעוועט זיך שוין צום קאַרק אַראָב, זיין אויסגעדרעהטער שטאָלענער פּענסנע גליטשט זיך שוין צום שפּיץ נאָז אַרונטער; עס הויבט איהם אָן שטיקען ביים גאָרגעל, ער שפּילעוועט אָב די פּאַטשיילקע ביים האַלז און די האַמעטנע ברודיגע קאַלאָשען אויף די פיס קלאַפּען-אָב אַ ימים-נוראים'דיגע מעלאָדיע.

פּונקט פרייטאָג-צו-נאַכט האָט אָנגעהויבען זיך צו בעווייזען אַ פּרעסטיל. דער טערמאָמעטער ביים אַפּטייקער ווייזט שוין אויף נול גראַד. מיט שטילע טריט, ווי אויף זאָקען, קריכט אַריין אַ האָפענונג אין האַרץ פון'ם קרעמער. אפשר האָט דער אויבערשטער רחמנות געהאַט און ער וועט אָבשטעלען דעם טייך, וואו עס דרעהען זיך די קריעות ווי אין אַ מכשפה-טאַנץ. אין דעם אומעטיגען נגון פון „ויתן לך” דרינגען אַריין ביים קרעמער פרעהליכע נאָטען. און די מעשה מיט'ן חסיד'ל, איז אויך נישט קיין אויסגעטראַכט מעשה'לע! סחורה איז געשטיגען און ער האָט ב"ה נאָך פון זומער-אָן ליעגען, בעת די פאַבריקען האָבען פערקויפט לויט די אַלטע פרייזען. אַז גאָט וויל, קאָן דער ווינטער זיך נאָך אַרויסווייזען נישט ערגער ווי פאַר-אַ-יאָהרען. מען דאַרף נור נישט פערלירען דעם בטחון. אפשר וועט מען נישט דאַרפען שיקען קיין „חזרה”. אָבער פּראָלאָנגירען די היגע וועקסלען מוז מען, און אַ „שטילען” באַנקראָטעל אין לאָדז מוז מען מאַכען. דער פראָסט איז האָטש אַ טייערער גאַסט, אָבער ער האָט זיך אַביסעל פערשפּעטיגט...

זונטאָג פערפלייצען די שטאָדט אַלערליי „סערמיאַגעס”, וואָס האָבען זיך שוין פערבענקט נאָכ'ן קאָסטיאָל. מיין קרעמער, צוזאַמען מיט דעם משרת, זענען ווי אָבגעלעבטע געוואָרען. מען וואַרפט אויס די נעצען, און מען שלעפּט דעם פייער אין קלייט אַריין. פון טויזענדער קלייטען, וואָס ציהען זיך דריי וויאָרסט די לענג, ווינקען טויזענדער אויגען, און אַלע ויילע נעהמט מען אָן די פויערטע פאַר די ברייטע טאַליע און מען פיהרט זי, ווי אַ חתן-כלה, אין קראָם אַריין. אויפ'ן טאָמבאַנק ליגען שוין אָנגעוואָרפען כל המיני סחורות, און די ציצענע בלוזעס מיט די קאָלירטע שלייקעס זענען שוין דורך נישט איין האַנד.

און חאָטש זונטאָג איז אַ מנהג צו-צומאַכען אַ קראָם נישט שפּעטער, ווי זעקס פאַר-נאַכט. נאָר ווער קוקט אויף דעם! דער סטאָ-

קאָווי האָט שוין לאַנג בעקומען זיין „דירה־געלד“ און הינטער די האַלב־פערמאַכטע קראָמען הערען נישט אויף צו פּלאַקערען די „פּליק־לאָמפּען“.

מאָנטאָג האָט זיך בעוויזען אַ ווייכער צוקראָכענער שניי. דער טער־מאָמעטער ביים אַפּטייקער האָט זיך אַ הויב געטהון. די גאַסען זענען ווידער בלאָטיג געוואָרען, און דער קרעמער וויסט שוין, אַז אָהן „הזרה“ וועט ער זיך נישט אויסדרעהען.

דער משרת מיט'ן בעל־הבית שטעהען שוין ווייטער ביי די טהירען, ווי די קלעצער. דער קאַפּיטאַן פון דאַמפּף־שיף „קונעאויטוס“ האָט שוין געהייסען בעזעהן דעם קומען און אָנגיסען אייל אין דער מאַשין. אויף דער גאַס האָט זיך בעוויזען יונה דער שטאָדט־משוגע־נער מיט די צוקודעלטע האָהר און די באָרוויסע פיס. בת־שבע די בעט־לערקע איז שוין אַרוים פון בקור־חולים און מאָהנט ביי די קרעמער די „ציגעלעך“ צוקער, וואָס זי האָט נישט בעקומען פאַר צוויי ראש־חודש'ן.

און די קרעמער שטעהען, ווי די שטעקענס ביי די טהירען, און חלומ'ען פורים־צייט פון אַ זומער מיט פרנסה. און אין זייער חלום איז נישטאָ קיין בטחון.

III

# אויך בין הזמנים.

ביסלעכווייז ווערט די שטאָדט אויסגעליידיגט. מען צופאָהרט זיך אויף די זומער־וואוינונגען. די צדקה־חברות האָבען שוין צוטיילט די לעצטע קוויטלעך אויף וואַנעס קיין בירשטאַן און דרוסקעניק, דער רב האָט שוין אויסגעטיילט זיינע רחמנות־בריעף צו זיינע חברים די רבנים פון פערשיעדענע אויסלענדישע בעדער. וואו נור עס געפינט זיך אַ הויפען בוימלעך און אַ פּיערישע חאַטע, האָבען זיך שוין אַריינגעקליבען עטליכע יודישע משפחות מיט קינד און קייט און עטליכע שכנים דערצו. די שטילע סכך־הײַלער האָבען בעקומען מיט אַ מאָל אַ גרויסע בעפעלקערונג. איהר שפרייזט דורך די אַרומיגע וועלדער און אויף איטליכען טריט דערזעהט איהר פאַר זיך — אַ הייפעל שמאַטעס! דאָס ליעגען אויסגעצויגען אין זייערע גראָהע ציצענע און קאָרטענע קליידער די אָרימסטע פון די אָרימסטע, וועלכע זוכען בייםוואַלד און דער זון היילונג פאַר זייערע אָנגעגריפענע לונגען. די שטאָדט בעקומט אַ נייע פנים. איהר טרעפט נישט אויף די גאַסען די אָרטיגע כלל־טהוער, וועלכע האָבען אין משך פון ווינטער און פריהלינג אַייך געגנויט צו טאַנצען אויף דער שלעכטער פאָדלאָגע פון דעם שטאָדטיגען דומאַ־זאַל, אַייך געצוואונגען צו הערען „חינקע און פינקע“ לטובת דעם בקור־חולים און „שלמה גאָרגעל“ צום נוצען פון דער ביליגער קיך. זיי זענען שוין ערגיץ וואו אין אַ יודישער ים־באָד, צי אין קראַנץ, צי אין צאָפּאָט אָדער אין דובעלן. עס זענען אויך ווי אין וואַסער אַיינגעזונקען די שטאָדטישע דאַמען. צוויי מאָנאַטען האָבען זיי

געהאָרעוועט ערגער ווי די קעכינס זייערע, לויפֿענדיג אַלץ פֿון איין שניידערקע צו דער צווייטער, מאַכענדיג הכנות צו דער רייזע קיין אויסלאַנד. דעם גאַנצען חן זייערן האָבען זיי פֿערלאָרען אין אָט דער שווערער צייט, ווען איטליכע שניידערקע איז געווען מיט גאָלד צו וואויגען. און איצט, ווען אַלע די שעֶנע זאַכען פֿון הוט ביז צו די פֿאַרביגע זאָקען ליגען אויף שטוהלען, טישען און ביינק, ווי די בלאַנקע כלי־זין פֿון אַ יונגען אָפֿיציר — צופֿאָהרען זיי זיך אויף אַלע זייטען און פֿערגינען אונז נישט אַפֿילו אַ קוק צו טהון אויף אַלע די שעֶנע זאַכען, וואָס וועלען בלענדען די אויגען פֿון פֿרעמדע מענער ערגיץ וואו ביי די ברעגעס פֿון ערגיץ אַ ים.
די איבערגעבליבענע בעקומען עפּיס אַ נייעס, ליעבען אויסדרוק. די מענער, וואָס זענען געבליעבען היטען די פּוסטע צימערן פֿון זייערע וואוינונגען, פֿיהלען זיך ווידער ווי אין די צייטען פֿון בחור־ווייז. זיי בלאָנדזשענען אין די שטילע אָווענדען צווישען די גאַסען פֿון שטאָדט און אויף זייערע פּנים׳ער ליעגט אַ בעֶנקשאַפֿט, אינאיינעם מיט׳ן נחת פֿון איינעם, וואָס האָט אַראָבגעוואָרפֿען אַ יאָך פֿון קאָפּ. אמת, מאַנכע פֿון זיי האָבען בענוצט וועקסעל־פּאַפּיר, כדי צו בעפֿריעדיגען ווייב און קינד. אָבער דאָס זענען זעקס־מאָנאַטיגע וועקסלען, און ביז נאָך סוכּות ברעכט מען זיך נישט דעם קאָפּ דעריבער. זיי געניסען איצט אַ פֿרייהייט, וואָס דערמאָהנט זיי די נאַרישע יוגענד און זיי מעסטען זיך אָן אויף אַ ווײַלע די מאַסקע פֿון אַנ׳אַמאָליגען בעל־תּאווה׳ניק, וואָס פֿלעגט האָבען אַ מגע וּמשא מיט די כאָריסטקעס פֿון טעאַטער און זינגערקעס אויף די אָפֿענע זומער־סצענעס. דאָס איז אָבער נור אָנגעמאָסטען. מען שפּיעלט זיך מיט זיך אַליין. אַזוי מעסט זיך אָן אַ הדר־יונגעל דאָס היטעל אָדער דעם שווערד פֿון סאָלדאַט, וואָס קומט אויף פּסח צו סדר׳ן אינאיינעם מיט׳ן טאַטען און מאַמען. דאָס היטעל איז צו־גרויס און דער שווערד צו־שווער. אַוועק די צייטען פֿון בחור־ווייז. מען קאָן שוין קוים סובל זיין די קוויטשענדיגע פֿאַלשע שטימען פֿון די זינגערקעס, און דער פּודער, וואָס ליעגט ווי אַ וואָלקען אַרום די צולאָזענע נקבות, קראַצט אין גאָרגעל און ס׳עקעלט.

ווי אויסגעשפּאַנטע פֿערד בלאָנדזשענען זיי אין די שטילע פֿאַר⸗
נאַכטען. דאָס, וואָס מען האָט זיי אַ ווײַלע אויסגעשפּאַנט, איז
געוויס אַ גרויס תּענוג. אָבער פֿון קיזיקעל איז געוואָרען אַ שווער⸗
בײַכיג פֿערד און דאָס פֿאַמיליען⸗לעבען האָט איהם שוין אָבגע⸗
וועהנט דערפֿון צו געניסען די פֿאַשע פֿון אונטער די פֿיס. ער
האָט שוין קיין הנאה נישט דערפֿון. ער קאָן שוין אַפֿילו נישט
מקנא זיין די, וואָס ווילען נישט וויסען און הערען פֿון געקאָכ⸗
טע וואַסער און סטעריאַליזירטע היי און האָבער. ער איז אויס⸗
געשפּאַנט, און דאָך אין אַ דריי⸗פֿאַליגען יאָך. אַ בענקשאַפֿט אינ⸗
איינעם מיט דער מתיקות פֿון אַ בין⸗הזמנים⸗אָווענד מאַכען פֿול
די אויסגעשפּאַנטע מענער, און אין קיין צייט פֿון אַ גאַנץ יאָהר
פֿליסען נישט פֿון זייערע מיילער אַזוי פֿיעל נבול⸗פּה, ווי אין
די זומערדיגע פֿאַר⸗נאַכטען ביי אַ גלאָז ביער אין שטאָדט⸗גאָרטען.
אָט אַזוי געניסט זיין בין⸗הזמנים דאָס חדר⸗יונגעל מיט אַ באָרד און
אַ בייכעל. עס איז אָהן סכּנות. זייער נבול⸗פּה זענען די זכרונות
פֿון אַ מאָל. קומט ער שפּעט, זעהר שפּעט, ביי⸗נאַכט אַ היים און
הויבט ער אָן צוגרייטען וואַסער פֿאַר די אַריינגעשטעלטע ציינער—
ווייסט ער אַליין נישט, פֿון וואַנען האָט עס זיך גענומען ביי
איהם אַזאַ זכרון אויף אַלע די אַלטע מאוס'ע שלאָפֿצימער⸗אַנעק⸗
דאָטען. און איידער ער לעשט אויס דאָס ליכט שליסט ער זיך
צוויי מאָל אָב, ווייל ער האָט מורא פֿאַר דער יונגער קעכין,
וואָס איז מיט איהם אַליין אין דער גרויסער, ליידיגער וואוינונג, עס
זאָל זיך חלילה נישט איבער'חזר'ן די מעשׂה פֿון יוסף'ן מיט
פּוטיפֿרע'ן.

IV

# יודישער יחוס.

אמאָל האָט ביי יודען זיך גערעכענט פאַר יחוס דער גייסטיגער אָפּ־שטאַם. איטליכער יוד, און ווער רעדט נאָך, ווען ער איז געווען אַ שטיקעל למדן, האָט געצויגען זיין יחוס פון דוד המלך אָן. אַ יודישע משפחה, וואָס איז געווען „אויסגעקנאָטען“ פון רבנים און דינים, האָט זיך געצעהלט צו די פאָרנעהמסטע. און ווען אַ יודענע האָט זיך געוואָלט בעריהמען מיט איהר יחוס, האָט זי גענומען פאַר אַנ׳עדות די „מזרח־וואַנד“ פון קאַפּצאַנסקער בית־עולם, וואו עס ליעגען אַלע איהרע קרובים מיט די זעקלעך אֶרץ־ישׂראל־ערד צו־קאָפּענס. „גאַנץ טונעיאַדאָווקע איז דאָך מיין שטאָדט“, האָט מיינע אַנ׳אָרימע מוהמע זיך צופלאַמט אַמאָל, בעת זי איז געפאָהרען אַהין אויף קבר־אָבות, נאָך איהר דריטען מאַן.

קיין גרויס „עולם־הזה“ האָבען יודען דעמאָלט פון זייער יחוס נישט געהאַט. דערפאַר האָט איטליכער שטאָלצירט מיט דער מוראדיגער „עולם־הבא“, וואָס זיינע קרובים פערנעהמען דאָרט... כמעט גאַנצע גובערניעס! און האָטש דאָ, אויף ד ע ר־וועלט, האָט דעם הילצערנעם ביינקעל געפעהלט מכּמה יאָהרען אַ פוס, אָבער דער געדאַנק וועגען דער גוטער סטאָליאַרסקער אַרבייט פון גילדענעם שטוהל אויף י ע־נ ע ר־וועלט האָט פול געמאַכט אַ יודיש האַרץ מיט אַ שטאַרקען בטחון. און אַמאָל האָט טאַקע פּאַסירט, ווי מיר, פּראָסטע מענשען, לייענען דאָס אין „מנורת־המאור“, אַז צו דעם אָרימען תנא ר׳ שמעון בן יוסי איז אַמאָל ערב שבת אַראָבגעפאַלען פון הימעל אַ פודיגער פוס פון ריינעם גינגאָלד.

הײַנט אָבער האָט זיך אונזער בעגריף װעגען יחוס שטאַרק געענדערט. אין צענטער פֿון אונזער יחוס שטעהט נישט דער אויבען־אָן פֿון קאַבצאַנסקער בית־עולם, נאָר דאָס פּאַפּיר׳ל פֿון „פּראַװאָזשיטעלסטװאָ“. אין די גובערניעס פֿון אױסער דעם תּחום איז דער „ניקאָלאַיעװסקער“ דער גרעסטער יחסן. נאָך איהם געהט שוין דער „אַכציגער“, װאָס ציהט זײַן „װאױן־יחוס“ ביז פֿאַר די אַכציגער יאָהרען, אױף װעלכע אינגאַטיעװ׳ס צירקולאַרען האָבען, ב״ה, קיין שליטה נישט. אין מאַנכע רוסישע קאַנטען, װי, למשל, אין באַלטישען, האָט דער יודישער יחוס נאָך אַנדערע מדרגות. צו די עלטעסטע תּושבים אין באַלטישען קאַנט רעכענען זיך די „שלאָקער בירגער“ — יודען, װאָס האָבען אײַנגעװאַנדערט דאָרט צו יעקאַטערינאַ׳ס צײַטען, און װעלכע זענען געװען די פּראָסטעסטע פֿון די פּראָסטע פֿון דער יודישער אומה. די ערשטע פּאָר פֿאַמיליעס, װאָס האָבען בעקומען דאָס ערלױבניש דאָרט זיך צו בעזעצען, זענען געװען פֿאַקטאָרס. און לױט די היסטאָרישע דאָקומענטען, װאָס ד״ר יאָפּע אין ריגא האָט אַרױסגעגעבען, איז דאָס געװען אין נײַסטיגען און מאָראַלישען זין דער ערגסטער עם־הארצ׳ישער טײל פֿון יודענטום. נאָך די „שלאָקער בירגער“ הױבט זיך אָן דער יחוס פֿון „ניקאָלאַיעװסקען“, דערנאָך — פֿון „אַכציגער“ און לסוף פֿון „אַפּטײקער־געהילפֿען און דאַנטיסטען“. דער „שלאָקער בירגער“ איז שוין אַזאַ יחסן, אַז מען מעג איהם פֿערגלײַכען מיט׳ן „קײדאַנער חתן אין אַ פּסח׳דיגען זאַק מעהל“, צו װעמען עס איז זיך שוין נישט אָנצורירען, — אַזױ פֿיל איז ער מיט זײַן אינװײַניגסטען יחוס. אויך דער „ניקאָלאַיעװסקער“ קוקט מיט אַ שטילער גאוה אַרונטער אויף דעם װיטעבסקער יודען, װאָס פֿערבלאָנזשעט אַמאָל קײן ריגא, דער „אַכציגער“ איז שוין אַ קלענערער יחסן, ער האָט נאָך אַביסעל מורא פֿאַר פּורישקעװיטש׳ן, אָבער ער שלאָגט זיך אויך אויף דער ברוסט, װי דער איטאַליענישער קונסט־מאַלער „Anchio pittore“ — „איך בין אַן׳אַכציגער!“ און האָטש דער „אַפּטײקער־געהילף און דאַנטיסט“ האָט די לעצטע צײַט זיך בעזעצט מיט זײַן װאױנרעכט מיט אַ ציטערניש אין האַרצען, — װײַל אַט־אַט קאָן ער פֿערלירען איבער־נאַכט זײַן יחוס, — פֿונדעסטװעגען איז ער אויך אַן אָנגעזעהענער יחסן, מיט װעלכען דער „אַכציגער“ שעמט זיך שוין נישט משדך צו זײַן.

בײַ דער „שלאָקער", דער „ניקאָלאַיעװסקער", דער „אַכציגער" האָבּען שױן אַ קלײן שײַכות צום ספר־היוחסין. זײער יחוס איז פֿערבריעפֿט און גע׳התמ׳עט פֿון אַ רוסישען בעאַמטען אױף קאַנצעליאַרסקע פּאַפּיר מיט שלעכטע טריפּוואַקס. אָבער פֿונדעסטװעגען לעבט אין זײ שױן די גאוה פֿון אַ צוקינפֿטיגען באַראָן, מען דאַרף נור לעבען אײניגע צײַט אױסערן תּחום, אום צו בענעהמען און צו דערפֿיהלען דעם שטאָלץ פֿון אונזערע שפּאָגעל־נײַע יודישע אַדעל־לײַט.

פּאַרצײַטען האָט דער יודישער יחסן זײַנע מאַיאָנטקעס געהאַט אין די גרעניצען פֿון די ש"י עולמות, און איז דאָ אָבּגעקומען מיט שה"י־פּה"י. דער הײַנטיגער יחסן אָבער האָט אַ גאַנץ קלײנע השגה פֿון די אַמאָליגע גרעניצען; ער איז אַ מגושם׳דיגער עולם־הזה׳ניק און גרײַט אַפֿילו נישט אָן פֿאַר זיך קײן זעקיל ארץ־ישׂראל־ערד.

און האָטש איך בין ניט מקנא דעם שפּאָגעל־נײַעם יחסן, און פֿערגין איהם פֿון האַרצען זײַנע פֿערבריעפֿטע רעכט, פֿונדעסטװעגען איז מיר דער אַלטער יחוס אַ סך ליעבער װי דער נײַער.

דען, זאָגט װאָס איהר װילט, עס איז פֿאָרט אַנגענעהמער צו ציהען זײַן יחוס פֿון דוד המלך אָן, װי פֿון דעם דערפֿיל „שלאָק", װאו אַ יודישער פּאַקטאָר האָט צוערשט בעקומען הן בײַ אַ רוסישען בעאַמטען.

פֿאָרט ליעבער זיך אַרומצוטראָגען מיט אַ זכרון, װאָס נעהמט אַרום גאַנצע עפּאָכען פֿון יודישען פֿאָלק, אײדער מיט דעם קעצישען זכרון פֿון אַ „שלאָקער בירגער", פֿאַר װעמען דאָס יודענטום הױבּט זיך אָן מיט באַמבערגער און אַריון, מיט די ערשטע צװײ מעקלערס, װאָס האָבּען צוגעשטעלט פֿוראַזש פֿאַר יעקאַטערינאַ׳ס חיל.

ניש װילענדיג דערמאָהנט זיך מיר די מעשׂה מיט׳ן מלאך הדומה, װאָס האָט געפֿרעגט אַ װיטעבּסקער יודען און אַ „שלאָקער בירגער": מה שמך? דער ערשטער האָט געענטפֿערט באַלד דעם פּסוק, דער צװײטער האָט נור געדענקט דעם נומער פֿון זײַן לעצטען טעלעפֿאָן.

דער זכרון פֿון נײַעם יודישען יחוס געהט, לײַדער, נישט װײַטער פֿון טעלעפֿאָן־נומער. — װעלכער האָט נאָך די טבע זיך עפּטערס צו בײַטען.

V

# בר=מצוה.

ער האָט שוין בעקומען פֿון דער באָבען דעם זילבערן זייגעריל, פֿונ'ם טאַטען—די קליינע תּפֿילינ'לעך און פֿון דעם שוועסטער'ל — דאָס אויסגעשטיקטע תּפילין=זעקעלע. דער אַלטער זיידע, וואָס איז שוין אין זיינע יאָהרען צו דער חופה געגאַנגען, וויל נישט וויסען פֿון דער נײַער צייט מיט איהרע נייע גזרות און בהלות, ער שיקט דעם איניקעל אַ פאַרטיגע דרשה אויף דאָס בעקאַנטע טהעמע: צי מעג אַ געלינקטער לעגען תּפילין אויף דער רעכטער האַנד? אין שטוב איז ליכטיג, אויפ'ן ווייסען טישטוך שטעהען אַלערליי גוטע זאַכען, און צווישען די געסט מישען זיך אויס די הייבלעך פון אַלטע מוהמעס מיט די אַלט=מאָדישע קאַפּעלושען פון די בית=מדרש'דיגע כלי=קודש. וואו דער טאַטע פערמאָגט אַנ'אייביגע „שטאָט“. דאָס בר=מצוה=בחור'ל אַליין שיינט אין זיין קליינעם מונדיר'ל מיט די בלאַנקע מעשענע קנעפּ, און ער קוקט זיך צו מיט נייגיריגע יונגע אויגען צו די מתנות, וואָס שטעהען, ווי דרשה=געשאַנק, אויפ'ן יום=טוב'דיגען טיש.

זיך צוקוקענדיג צו דעם דאָזיגען בחור'ל, ווער וואָלט דאָס גלויבען, אַז דאָ שטעהט פאַר אייך אַ געריבען, אָנגעפּראַקטיקירט נשמה'לע? שוין צו 8—7 יאָהר, ווען טאַטע=מאַמע זענען געשטאַנען מיט גרויס הכנעה פאַר אַ גוי'אישקען דירעקטאָר, האָט ער געהאַפּט דעם שניט פון דער יודישער לעבענס=פּראַקטיק, און אין דעם טאָג, ווען, ריי=טענדיג אויף זיינע פּלייצעס, איז אַרײַן מיט איהם צוזאַמען אין דער קאָמערין=שול דער זוהן פון אַ בעקאַנטען סטרוזש, — האָט ער שוין בענומען די תּורה פון די „פּראָצענטען“. צוזאַמען מיט כלל=

ישׂראל האָט ער געציטערט און געפלאַטערט, בעת מיניסטער שוואַרץ האָט געוואָרפֿען אַנ'אויג אויף די קאָמערץ־שולען און צוזאַמען מיט טאַטע־מאַמען האָט ער געדאַנקט דעם בּורא, וואָס האָט געשיקט אויף אונז אַ קאַסאָ און האָט רחמנות בּעקומען אויף יידישע פּראַצע, וואָס מיהט זיך אַזוי שטאַרק נאָך פאַר קינדער פֿון אַלערליי סטרוזשען. ווי אַנ'אייביגע מעלאָדיע קלינגט אין זיין אויער דאָס לידעלע פון „גאָלדענעם מעדאַל", וואָס עפֿענט אויף אַמאָל די טויערען פון אַנ'אוניווערזיטעט פֿאַר אַ יודיש קינד, און אַלע טאָג לעגט ער זיך שלאָפען מיט'ן געדאַנק, אַז מיט צוויי מאָסען ווערט געמאָסטען דער יוד: בּיים פּריזיוו איז די מאָס מיט אַ פּאָר ווערשקעס קירצער, און אין פּשוט'ן לעבען — מיט אַנ'אַרשין גרעסער. און וויסען ווייסט ער שוין ניט ערגער פֿאַר אַנ'אַלטען געניטען דיפּלאָמאַט, אַז געלד איז בּיי יודען די הויפּט־זאַך, אַז מיט געלד מאַכט מען אַליץ, אַז די מטבּע האָט די דעה, אַז פאַר דעם רונדען שטיקעל מעטאַל ווערען בּטל אַלע צירקולאַרען מששת ימי בּראשית אָן, און אַז געלד איז קיילעכדיג, וואָס קייקעלט זיך אַריין אין די פערשפּילעטסטע קעשענע.

נאָך איידער דער טאַטע האָט איהם אָנגעהויבּען מחנך צו זיין, האָט איהם שוין מחנך געווען דער יודישער גלות־שד, וואָס האָט ליעב צו צופּליקען די בּלעטלעך פֿון אַלערליי פֿעלד־בּלימלעך און יונגע שפּראָצונגען. אין זיינע אויערן פויקט ווי אַ מלחמה־מאַרש דאָס גרויסע פּראָגראַם „פּראַזאָזשיטעלסטוואָ". זיין לעבען הויבּט זיך אָן ווי פון אַ מיטען, נאָך איידער ווען־וואָס, ווייסט ער שוין, אַז ערגיץ־וואו שטעהט אַ גרויסער, הויכער קלאָץ, בּעשמירט מיט חלב בּיז'ן שפּיץ, וואו אַלע יודען קלעטערען אַרויף, פאַלען אַראָבּ, ווערען געהרג'עט, שטעלען זיך אָבּ אין דער מיט, אָדער דערגרייכען דעם שפּיץ. און נאָך איידער ווען־וואָס, פעדקאַשערט ער שוין די אַרבּעל און גרייט זיך צו צו דער אַרבּייט. ער קלעטערט בּיז צום גאָלדענעם מעדאַל, דערנאָך קלעטערט ער ווייטער און ווען ער דערגרייכט שוין צום שפּיץ, איז ער שוין אַ צובּראָכענער, אַנ'איבּיג־פערמאַטערטער מיט אַ פֿערביטערטען שפּעטישען שמייכעל אויף די ליפּען און אַנ'אומעטיגען גלאַנץ אין די אויגען.

ווי פאַרצייטען דער זיידע האָט צו בּר־מצוה געדרש'ענט פֿון דער

בימה אַנ'אייגענע דרשה אין הלכות זרעים, אַזוי מעג היינט דאָס אייניקעל דריש'ענען פון אייגענער פּראַקטיק וועגען לעבענס־פּאָלי־טיק און לעבענס־געניטקייט. אַנ'ענגלישער, אָדער אַ דייטשער סטודענט איז אַנ'עופה'לע אין פֿערגלייך צו איהם, זיי וועלען זיך נאָך לאַנג מוזען רייבען צווישען מענשען, איידער זיי וועלען בעגעהמען די שלעכטקייט, קאַלטקייט און דאָס שפּל'דיגע אין זיי. דאָס יודישע בחור'ל אָבער וואַקסט נישט ווילענדיג. אויף מיט אַ פריה־צייטיגען בליק פאַר די שפלות פֿון מענשען, לערנט זיך נאָך אין די ווינד־לעך אויס, ווי צו „וואָיעווען מיט די וועלף", און שוין אין די קינדערשע יאָהרען פערטיעפט ער זיך אין דער דיפּלאָמאַטיע פֿון אַלע גע־דריקטע, שוואַכע און פערשקלאַפּטע.
און טרויעריג ווערט אויפ'ן האַרצען אויף אַ יודישען בר־מצוה, ווען מען בעקלערט, אַז דאָס צייטיגע קינד איז אַזוי איינזייטיג צייטיג גע־וואָרען. נאָך איידער דער נאַריש־שענער, קאָלירטער, ציטערדיגער לעבענס־טעפּיך האָט זיך פערשפּרייט פֿאַר די אויגען, האָט מען שוין דעם שלייער פון איהם אַרונטערגעריסען, שוין געוויזען די גראָהע פעדעם פֿון איהם. און פֿון טיעפּסטען האַרצען רייסט זיך אַרויס אַ קללה אויף אונזער אומגליקליכען יודישען מזל, וואָס רודפ'ט אונז עד הרמה, און נעהמט צו פון אונזערע פֿער'דאגה'טע טאַטעס אַפילו דעם פרייען נאַאיווען שמייכעל פֿון אונזערע יונגע עופה'לעך.

VI

# א שמועס.

בויענדיג אַ סוכּה האָט יעקעל דער סטאָלער ניט בּעמערקט, ווי אין דעם בּרען פֿון דער אַרבּייט האָט זיך אָבּגעריסען בּיי איהם אַ גאַנצע ציצה. אין דער לעצטער נאַכֿט פאַר סוכּות, ווען דורכ'ן נעץ פֿון סכך האָבּען אַריינגעקוקט די זילבּערנע לבֿנה-שטראַהלען אויף דער ניט-געבּרוקירטער פּאָדלאָגע פון דער אָרעמער סוכּה, האָט מען געקאָנט הערען אַ שטילען שמועס. די בּאַוועלנע ציצה איז געלעגען אומעטיג צעשפּרייט מיט איהרע אַלטע פעדים און האָט זיך שטיל-געקלאָגט אויף איהר בּיטערען מזל. זי געדענקט נאָך די צייטען, ווען זי איז נאָך ניט געווען אַזאַ בּרוד, ווען זי האָט געשיינט אין הימעלבּלויע פאַרבּען, ווי דער מאַנטעל פֿון מרדכי אין שושן הבּירה. ווי אַנ'אַלטיטשקע, מיט זעק אונטער די אויס-געוויינטע אויגען, האָט זי זיך מיט טרעהרען דערמאָנט אָן דער צייט, ווען זי איז געווען אַ שעֶנע וואָלענע פראָנז און האָט זיך שטאָלץ געוויעגט איבּער'ן ווייסען דינעם ליינענעם קלייד פון אַ „בּחור כּאַרזים“, אָדער אויף דעם פּרעכֿטיגען מאַנטעל פון אַ „כּהן צו גאָט“. „וואָס האָט מען פון מיר געמאַכֿט“, האָט זי געזיפֿצט, „וואו איז די הימעל-בּלויע פאַרבּ אַוועק, וואו איז אַהינגעקומען די ווייכֿקייט און די פיינקייט פֿון מיינע צאַרטע גליעדער“.

די כּיבּה, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט פון אָבּגעבּלאַקירטע בּרעט-לעך אין אַלערליי פאַרבּען, וואָס פּאַסען זיך ניט צוזאַמען, ווי שטיפֿ-בּרידער פון דריי מאַמעס, וואָס רינגלען אַרום פֿון פֿיער זייטען אַ פלאַץ פון הויף, ניט ווייט פֿון דעם אָבּגוס מיט זיינע שעֶנע רידות, וואָס טראָגט אויפ'ן קאָפּ אַ נעץ פֿון דינע שטעֶנגלעך, אויף

װעלכֿע עס ליעגן צעװאָרפֿען אָרימע סכֿך-צװײגלעך — האָט מיט גרױס געפֿיהל זיך צוגעהערט צו דער קלאָג פֿון דער ציצה און האָט טרױעריג צוגעשאָקעלט מיט איהר סכֿך-קאָפּ.

אױך איהר איז געגאַנגען, װי דער ציצה. אַמאָל איז זי געשטאַנען אױף בערג און גרינע פֿעלדער. װײכֿע צװײגען האָבען זיך פֿעראײניגט װי ברידער פֿון אײן מאַמען און זיך מיט ליעבע צוזאַמענגעפֿלאָכֿטען. אָנשטאָט דעם דינעם סכֿך האָבען פּאַלמען-צװײגען — ניט די היינטיגע טרוקענע לולבֿים, מיט װאָס עס צאַצקעט זיך אַנ׳אױסגעטריקענט פֿאָלק — בעדעקט איהר קאָפּ. לופֿט, ברײטקײט, די אַראָמאַטען פֿון אָטעמענדיגע פֿעלדער האָבען פֿול געמאַכֿט איהר נשמה. פֿון איהר פּאַלמען קאָפּ האָבען זיך געלאָזען צו דער ערד אתרוגים, גראַנאַטען און די פּרעכֿטיגע בלומען-גירלאַנדען פֿון אַ לאַנד, װאו עס חלומ׳ט דער כּרמל און װאו עס גלאַנצט דער לבֿנון אין זײן יום-טובֿ׳דיג-קלײד. אױך זי איז געװאָרען אױף דער עלטער אַ ברודיגער אַנדענקען, װאָס זאָל מענשען דערמאָנען אָן אַמאָל׳יגער שענקײט.

„איך פֿערשטעה ניט די מענשען, װאָס שטעלען מײן שענקײט אַזאַ מיאוס׳ען דענקמאָל; װאָלט שױן ניט גלײכֿער געװען, װען מענשען װאָלטען געמאָלט מײן יוגענדבילד אױף די װענד פֿון זײערע עסצימער, אײדער זיך צו פּראַלען מיט מײן מיאוס׳ער אַלטקײט, װאָס האָט שױן קײן ציהען ניט און האָט אָנשטאָט אַ בױגיגען צװײגענקערפּער — אבֿרים פֿון אַלטע אָבגעבלאַקירטע ברעטלעך?“

די זילבערנע לבֿנה האָט זיך אַ װײלע צוגעהערט צו דעם דאָזיגען װאונדערבאַרען שמועס. אױף איהר „יהושע-בן-נון“-פּנים איז אַריבער אַ צופֿריעדען שמײכֿעלע. אױך זי איז אַלט און טױט, אָבער איהר אַלטקײט איז פֿאָרט שענער פֿאַר דער אַלטקײט פֿון אַ היינטיגער באַװעלגער ציצה און אַ היינטיגער אָרימער סוכּה. זי האָט כֿאָטש ניט פֿערלאָרען דעם חן פֿון דעם מענשליכֿען אױג. פּאָעטען פֿערקוקען זיך אױף איהר נאָך עד היום...

VII

# די אויסלענדער.

צוזאַמען מיט די ערשטע פֿריהלינגס־שטראַהלען בעווייזען זיך אין די גאַסען די אויסלענדישע סטודענטען, וואָס זענען געקומען אויפ׳ן פּסחדיגען בין־הזמנים אַהיים. דאָ און דאָרטען זעהט איהר אַ נייעם „שניט“ פֿון אַ פּריסישען בגד, אַ נייע פֿאָרם פֿון אַ קאַפּעליוש, און אונזערע סטודענטקעס ברייגען מיט אין דער פּראָווינץ די נייע „טורבאַן־פֿריזור“ מיט אַ ברייטען קאָלירטען באַנד אין די האָר. דאָרטען אין פּאַריז, בערלין, בריוסעל, זשענעווע, צווישען די „עכטע“, מאַכען זיי נישט קיין אַנגענעהמען איינדרוק. צווישען די אַרומיגע ציכטיגקייט און ריינקייט האַרמאָנירט נישט זייער ניי־מאָדנער קאַפּעליוש מיט די שמוציגע פֿינגער־נעגעל און שלעכט פֿערקאַמטע האָר. טראָגט מען אַ טורבאַן־פֿריזור, — פֿאָדערט זיך שוין אַ קליידעל „אַלאַ פּרינצעס“ און עס פּאַסען שוין נישט אויף די פֿיסלעך די שווערע, טיעפּע קאַלאָשען. אָבער דאָ ביי אונז איז עפּיס גאָר אַנדערש. אין דער אַרומיגער גראָהקייט און אָבגעלאָזענקייט, דוכט זיך אויס, אַז זיי האָבען מיטגעבראַכט מיט זיך מעהר ריינקייט, ציכטיגקייט און מעהר אויסערליכע קולטור אין גאַנצען בענעהמען זייערן, עס טראָגט זיך פֿון זיי אַ שוואַכער אָבגלאַנץ פֿון אַ געזינטערער סביבה און עס דאַכט זיך, אַז צוזאַמען מיט׳ן פּאַפּירל, וואָס מען קלעפּט צו צו זייערע אויסלענדישע טשעמאָדאַנען אויפ׳ן גרעניץ, האָבען זיי אויך מיטגעבראַכט אַ חתימה׳לע פֿון מאַדאַם אייראָפּאַ.

איטליכס מאָל, ווען איך זעה אַזאַ סטודענט געהן דורך די איינ־

גע פּראָווינציעלע גאַסען, נעהמט מיך אָן אַ בענקעניש. זיינע פֿיס,
וואָס האָבען זיך שוין צוגעוועהנט צו אַנ'אַספֿאַלטענעם ברייטען
טראָטואַר, קלאַפּען אָב אויפֿ'ן שלעכטען ברוק איטליכען טריט.
זיין גאַנג איז נישט זיכער, און דער גאַנצער הילוך זיינער פֿון
ניי=מאָדנעם קאַפּעליוש, גלאָקען=פּאַלטאָ און די געלע „געטר“
(Guetre) אויף די אַמעריקאַנישע שטיוועל מאַכען אַנ'=
אַיינדרוק פֿון אַ אורח פֿון אַ פֿרעמדער וועלט. ער איז שוין אָב=
געוועהנט פֿון צו זיין שטענדיג אויף דער מאַמעס אויגען. ווי דאָס
סטודענטישע לעבען זאָל נישט זיין קאָכעדיג, אָבער ביי זיך אין
צימער'ל איז ער אַליין, איינער אַליין, פֿריי און איינזאַם, ווי
אַ פֿויגעל אין דער לופֿט. און חאָטש ער בענקט אָפֿט נאָך דער
מאַמעס אַ בליק און די ווייכע הענד פֿון אַ שוועסטער'ל, אָבער
די צו=פֿיעל „צערטליכקייטען“, מיט וועלכע מען בעשיט דעם ניי
אָנגעקומענעם גאַסט, ווערט שוין אַ ביסעל איבערדריסיג. ער איז
שוין אָבגעוועהנט פֿון קינדער=געשריי, און די גאַנצע מעשׂה פֿון
„האָבען“, קינדלען, ברית'ן, תנאים'ס, מזל=טוב'ס קומט פֿאַר אַזוי
פֿרעמד און קאָמיש. היינט וואָס פֿאַר אַ אינטערעסען די מענשען
האָבען? און ווי פֿער'דאגה'ט זיי זענען? דער איז בעליידיגט, וואָס
מען האָט איהם נישט גערופֿען אויף די רבנים=אַסיפֿה און דער
דאגה'ט, וואָס זיין טאָכטער „קלויבט“ זיך אַלי'ן ניט צו און וואָס
דער טייך האָט זיך אַזוי ברייט צופֿלאָסען. ווי דורך אַ חלום
פֿיהלט ער, אַז דאָס זענען געוועהנליכע מענשליכע אינטערע=
סען, אָבער וואָס קאָנען זיי איהם אינטערעסירען, איהם, וואָס
וויל נאָך נישט אַריין אין די וואָכענדיגע פּשטות. ערגיץ=וואו אין
יהופּעץ, אָדער אין גלופּסק שפּאַצירט אַרום אַ סטודענטקע אַ
פֿריילין מיט אויגען, — אַך, אויגען! — און מיט אַ טורבאַן=
פֿריזור. צי קלערט זי גאָר וועגען איהם, וואָס לאַנגווייליגט זיך
איצט אין טונעיאַדעווקע ביים טאַטען דעם קרעמער. צי קלערט
זי גאָר? ווען ער וואָלט זיך נאָר נישט שעמען...
און ער געהט אַרויס צום טייך, וואו עס פֿערשטומען שוין
די געשרייען פֿון שטאָדט, און קוקט ווי ברייט ער האָט זיך
צוגאָסען. ביי די ברעגעס שטעהען ווייבער מיט די קליידער,
פֿערקאַשערט ביז די נאַקעטע קניה, און וואַשען און פּאַטשען

דאָס גרעט. ערגיץ־וואו שיפּט זיך אַנ'אָנגעפּאַקעוועטע לאָדקע און פֿערשווינדט ביים אַנדער זייט טייך צווישען די פֿערטרונקענע בערעזקעס. חדר־יונגלעך שפּיעלען זיך אין שטיינדלעך־וואַרפען, אַ פֿערשלאָפֿענער סטראַזשניק, אַ ממונה פֿון קאָראָבקע, היט אָב, אַז מען זאָל חלילה נישט אַריבערשיפֿען קיין פֿרעמד פֿלייש. אַ וואַסער־טרעגער בויגט זיך אונטער דער משׂא פֿון די פֿולע עמערס. אַ יון שלעפּט זיך פֿאַרביי מיט זיינע געלע חאָלאָוועס: פֿון וויטען הערט זיך דער געשריי פֿון אַ פֿוהרמאַן, וואָס איז פֿערקראָכען מיט זיין דאַר פֿערדיל אין אַ בלאָטע, און עס העלפֿט שוין נישט קיין „וויאָ! וויאָ!“... אַ שכּור'ער שוסטעריל אָדער אַ שניידעריל טראָגט זיך פֿאַרביי מיט אַ צורייצטען האַלב־פֿערשלאָפֿענעם פּנים און מיט דעם גאַנג פֿון אַ קאַטשקע...

דער טייך ציהט אַרויף אויף איהם אַ מאָדנע הויט. ער ווערט עפּיס רוהיגער, פֿערטראַכטער... עס בעווייזט זיך מיט אַ מאָל אַ „קאָלעגע“ אין גלאָקען־פּאַלטאָ און אין אַ ניי־מאָדנעם קאַפּעליושעל, און מען בעגריסט זיך מיט אַ מינע פֿון אַנ'איראָפּעער, וואָס האָט אָנגעטראָפֿען אין טיעף אַזיען אַ צווייטען אייראָפּעער.

חי נאַריש און שען עס איז די סטודענטען־צייט פֿון אַנ'אויסלענדישען.

VIII

# אַ גאַסט איז געקומען.

**א** גאַסט איז געקומען אין דער פּראָווינץ־שטאָדט. עפּיס אַ מיש־מאַש פֿון אַ פּעטערבורגער טשינאָווניק, אַ יודישען כּלל־טוּער. אַ יו־דישער רעוויזאָר און אַ קרובֿ למלכות, ד. ה., אַ נאָהענטער מענש פֿון זאַמיאַטין פּערעאולאָק, נומער 4.

אין דער פּראָווינץ־שטאָדט ווערט אויף אַ ווײַלע לעבעדיג. דער, וואָס האָט אַ חזקה אויף כּלל־ענינים, אַנ'אַלטער אָנגעזעהענער גבֿיר אַ בעל־צדקה, אָדער אַנ'אַלטער דאָקטאָר אָדער אַנ'אַלטער אַדוואָקאַט, וואָס טראָגט שוין אויף זיך דעם טיטול „פּריסיאַזשני“, לאַדען אײַן צו זיך די שבֿעה טובֿי העיר: אַ פּאָר דאָקטוירים אָהן פּראַקטיק, אַ פּאָר יוריסטען, אַ פּאָר אָנגעזעהענע גבֿירים אינטעליגענטען פֿון פֿאָריגען דור, — און מען איז מקבל פּנים דעם גאַסט.

אַלטע פֿערוואַלגערטע פּראָיעקטען שווימען אַרויף, מען דערמאָהנט זיך אָן אַנשטאַלטען, — וואָס האָבען געהונקען פֿאַר צעהן יאָהרען און הינקען נאָך עד־היום. מען האָט טענות און תּרעומות צום „צענטר“, וואָס ענטפֿערט נישט אויף קיין בריעף, וואָס קאַרגט מיט סובסידיעס און רעכענט זיך אַזוי ווייניג מיט דער מיינונג פֿון די פּראָווינציעלע טוּער און גיט נישט די שטיצע, וואָס מען האָט שוין פֿערלאַנגט פֿאַר צעהן יאָהרען, פֿאַר זיעבען יאָהרען און נאָך גאָר נישט לאַנג — מיט דרײַ יאָהר צוריק.

דער פּעטערבורגער גאַסט ענטפֿערט אויף אַלע טענות. זײַן צינג איז געשליפֿען; ער רעדט גיך, גיך, פֿערהאַקט זיך נישט אויף אַ רגע און בעת מעשׂה, בשעת דאָס מויל רעדט, קוקען די אויגען אָן אַ זײַט, אַקוראַט ווי ער וואָלט זיך צוהערען צו דעם האַקען און

הוזשען פֿון די וואַגאָן־רעדער, וועלכע קלינגען איהם נאָך אין די אויערען פֿון דער נעכטיגער נסיעה.

די שבֿעה טובֿי העיר הערען זיך צו מיט גרויס פֿערגניגען. ווי קלאָר ער רעדט, ווי שען קומט בּיי איהם אַרויס די רוסיש. די גלאַטקייט זיינע, דער טאַקט זיינער און דערהויפּט דער רוהיגער בּעזעסענער שׂכל־הישר. אַ פּעטערבּורגער טהוער איז פֿאָרט עפּיס אַ העכערע זאַך. ער האָט גאָר אַן אַנדער קוק אויף אַלץ, אַ בּרייטערען, אַ רוהיגערען, אָהן אַ טראָפּען פֿערבּיטערטקייט, אָהן דעם קליין־שטעדטילשען פּאַנאַטיזמוס. און דערבּיי איז ער דורך און דורך אַן אָפּטימיסט. מיט אַ שמייכעל פֿון אַ געניטען אָנגעפּראַקטיקירטען צושלאָגט ער דעם דונקעלען פּחד פֿאַר די צוקונפֿט, מיט וועלכען די נאַרישע פּראָווינץ איז אָנגעזאַפּט. עס ווערט עפּיס לייכטער אויפ'ן האַרצען, ווען די שבֿעה טובֿי העיר אין זייערע ערנסטע שוואַרצע סטאָן־רעק בּעטראַכטען דעם פּעטערבּורגער פּאַרשוין אין דעם גראָהען לייכטען פּידזשאַטשנעם קאָסטיום מיט דעם לייכטען צינגעל, לייכטע בּעוועגונגען און דעם צושטרייטען גראָהען בּליק פֿון די אויגען, וואָס קוקען שטענדיג אָן דער זייט.

עס עפֿענט זיך די טהיר פֿון סאַלאָן, און עס בּעוויזט זיך אַ שטובּ־מיידעל מיט אַ קלאָר־ווייסען שירץ אַרום די לענדען מיט אַ טאַץ טהיי אויף די הענד. בּיים טהיי איז בּאָרמאַנ'ס זיסען קעקס, וואָס „קניספּערט" ווי „בּאַטשקעס" צווישען די ציינער. ווערט נאָך היימליכער אויפ'ן האַרצען. מען הויבּט אָן בּיסלעכווייז צו טאַפּען דעם פּעטערבּורגער גאַסט מכּח העכערער פּאָליטיק, מכּח יודישער גלייכבּערעכטיגונג, פּורישקעוויטש'ן, די שוואַרצע מאה, די שטימונג אין די הויכע ספערען א. ז. וו., א. ז. וו. אַלץ ווייס ער, אַלעמען קען ער. אַלס לינקער קאַדעט, וואָס האָט אַ מגע ומשׂא מיט די טרודאָוויקעס, אין קען פּערזענליך מאַרקאָוו דעם צווייטען, און דער טייוועל אַליין איז איהם ניט שרעקליך. — רעדט ער וועגען אַלץ מיט אַ לייכטער אָנגענעהמער איראָניע, מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען פֿון אַ מענשען, וואָס האָט שוין גרעסערע זאַכען געזעהן און מורא'דיגערע זאַכען דורכגעמאַכט. מיט איין קרימעלע מאַכט ער אַרונטער אַ סך גרויסע מענשען, פֿון וועלכע מען האַלט אין דער פּראָווינץ אַן'עולם־ומלואה. דער אַלטער סובּאָרין איז אַ הונד אָהן ציינער, פּורישקעוויטש איז

פֿשוט אַ משוגע'נער. שוואַרץ איז גלאַט נישט איבערגעשפּיצט, און די שטערן־פֿאַלאַטע איז אַ בבֿא־מעשׂה. ריינבאָט וועט צום עסק נישט צו־לעגען, און ניסעלאָוויטש? בעסער לאָמיר שוין וועגן איהם גאָר־נישט ריידען.

צוועלף אַ זייגער ביי־נאַכֿט צוגעהען זיך די שבֿעה טובֿי העיר אַהיים. פֿאַר'ן אַוועקגעהן נעהמט מען פֿריינדליך אָבשייד פֿון גאַסט. מען בעדויערט איהם, וואָס די זיצונג האָט זיך אַזוי לאַנג פֿערצויגען. ער איז אַוודאי נאָך נישט אויסגערוהט פֿון דער נעכֿטיגער נסיעה און דער נעכֿטיגער זיצונג אין ווילנא צי אין דווינסק. דער גאַסט שמייכֿעלט ליעבליך אויף אַלע זייטען. אָ, ער איז שוין געוועהנט דערצו... מיר, פּעטערבורגער, זיצען שפּעט אין דער־נאַכֿט. אויסערדעם, לוינט זיך שוין איבערהויפּט נישט צו־לעגען, ער מוז נאָך היינט פֿיער ביי־נאַכֿט מיט'ן קוריער־צוג פֿאָהרען ווייטער.

אויף מאָרגען איז שוין דער גאַסט ערגיץ־וואו ווייט־ווייט פֿון די שבֿעה טובֿי העיר. זיין קומען און אָבפֿאָהרען איז פֿאַרביי ווי אַ לופֿטיגער חלום. עס איז אָבער געווען אַ שענער ליעבער חלום.

IX

# מען איז זיך מתעסק.

ווינטער־צייט. ווען די פליגען קלעפּען אַרום דעם שטאַנג פון די הענג־לאָמפּען און שלאָפען אַ געשמאַקען שלאָף. — חאַפּען זיך אויף ביי די פּראָווינץ־לייט די כּלל'ישע אינסטינקטען. מען דערמאָהנט זיך, אַז דאָס שטעדטיל טונעיאַדעווקע האָט נאָך נישט קיין מוזיקאַליש־דראַמאַטישע געזעלשאַפט, אַז עס פעהלט איהר נאָך אַ חברה חובבי שפת־עבר, אַ צווייג־אָפּטיילונג פון דער פּעטערבורגער „ליטעראַרישער געזעלשאַפט“, אַנ'עספּעראַנטאָ־קלוב א. א. וו. מען שרייבט אויס די פּאַרטייגע תקנות פון די „אוטוואָרזשעטער“ קאַבּצאַנסקער חברות, — קאַבּצאַנסק האָט מעהר איניציאַטיווע, און טונעיאַדעווקע קוקט אויף איהר ווי אויף אַ מוסטער־שטאָדט. — מען רופט צונויף די ערשטע גרינדונגס־פערזאַמלונג. מען קלויבט אויס אַ פּאַסיגע „פּראַווּלעניע“. טונעיאַדעווקע איז, אַדאַנק סטאָליפּינ'ס בערוהיגונגס־פּאָליטיק, שוין לאַנג געקומען צום שכל. ווי באַלד די ראַדיקאַלע פּאַרטייען האָבען פערלאָרען דאָס גיפט זייערס, האָט זי אָנגעהויבען צו פערשטעהן, אַז ס'איז נישטאָ קיין חלוק צווישען אַ בונדיסט, אַ ציוניסט און גלאַט אַזוי אַ קולטור־טרעגער. אַלע זענען העכסט דעמאָקראַטיש, אַלע זענען קינדער ביי גאָט, און נאָך הונדערט און צוואַנציג יאָהר וועלען זיי אַלע קומען צו קבר ישראל. שוין אַ פּאָר יאָהר, ווי די „פּראַווּלעניע“ שטעלט זיך צוזאַמען פון די אייגענע אינגרעדיענצען, ווי אַ האָרוּאַסעריל געגען אַ פּליך: דער קולטור־טרעגער, וואָס איז גלייך ווייט און נאָהנט פון אַלע „אַני מאַמינ'ס“, דער איין־איינציגער בונדיסט, דער איין־איינציגער אַרבייטער, דער איין־איינציגער ליטעראַט, דער איין־איינציגער ציוניסט, וואָס טראָגט אויס אויף זיינע שמאָלע

פּלייצעס אַלע צירקולאַרען פֿון „ווילנער צענטער“. דער איין=איינציגער
חשוך=בנים, וואָס האָט בּ״ה צייט געגוג צו זיין דער קאַסיר פֿון אַלע חבֿרות.
און אַזוי ווי בּיי אונז אין טונעיאַדעווקע איז שוין די פרויען=פֿראַגע
לאַנג פערענטפֿערט געוואָרען אין פּאָזיטיווען זין, — האָט זי אין
יעדער „פּראַוולעניע“ אַ יודענע אַ קאָזאַק. שוין בּאַלד אויף דער
ערשטער זיצונג פֿון די זיעבּען אויסערוועהלטע און דריי קאַנ=
דידאַטען (אַזוי איז בּעפוילען געוואָרען אין די רעגירונגס=תּקנות) הויי=
בּען זיך אָן די ליעבּע ויכּוחים. דער קולטור=טרעגער וויל „הויבּען“
די מאַסע, דער אַרבּייטער טענה'ט, אויב אַז „הויבּען“ איז נאָך אַ שאלה
ווער — וועמען, און דערבּיי קוקט ער אויפ'ן יאַפּאַנישען וואוקס פֿון
קולטור=טרעגער, וואָס האָט זיך קיינמאָל ניט געלערנט שיסען. דער
ציוניסט שלאָגט פאָר, אַז אויפ'ן ערשטען אָווענד, וואָס די נייע
דראַמאַטיש=מוזיקאַלישע געזעלשאַפט וועט מאַכען, זאָל מען שפּיעלען
אַ דראַמע אויף לשון=קודש. און דער זשאַרגאָנישער ליטעראַט איז אין
פּרינציפּ מיט איהם איינפערשטאַנדען, נאָר ער פֿערלאַנגט, אַז מען
זאָל די אַרטיסטען דערצו אויסשרייבּען פֿון ארץ=ישׂראל. דער בּונ=
דיסט ערקלערט, אַז ער איז אַריין אין דער חבֿרה, נישט ווי אַ פּאַרטיי=
מאַן, נאָר אַלס פּשוט'ער בּשׂר=ודם. נאָר ער האָפט, אַז די אַרבּייטער
וועלען קאָנען האָבּען אַ שטיקעל יניקה דערפֿון, ווען אין די פּרינציפּען
פֿון דער חבֿרה וועלען נישט אַריין די קליין=בּורזשואַזע חשבּונות.
דער חשוך=בּנים טענה'ט, אַז אַ מוזיקאַליש=דראַמאַטישע חבֿרה דאַרף
זיך נישט שטעלען קיין הויכע ציעלען, עס וועט זיין גענוג, אַז מען
וועט זיך אָרענטליך פֿערבּרייגגען די צייט. און דער ציוניסט גיט דייט=
ליך צו פֿערשטעהן, אַז יעדע געזעלשאַפֿט דאַרף האָבּען אַ אידעאַל.
אָהן אַן־אידעאַל קאָן, למשל, אַזאַ מוזיקאַלישע געזעלשאַפט נישט
האָבּען קיין קיום. די ויכּוחים פֿערציהען זיך בּיז טיעף אין דער=
נאַכט. יעדע מינוט ניט עמיצער אָנצוהערעניש, אַז אין אַזאַ „פּראַ=
וולעניע“ קאָן ער נישט בּריינגען קיין נוצען. דאָס גלעקיל פֿון פּרעזי=
דענט איז שוין הייזעריג געוואָרען קלינגענדיג, די ליידיגע גלעזער
טהיי זענען שוין אָנגעפּאַקט מיט פּאַפּיראָסענע מונדשטוקען. אין
צימער איז שוין די לופט שווער, הייס, אָנגערויכערט. און מיט איינמאָל
דערמאָהנט מען זיך, אַז די חבֿרה האָט נאָך דערווייל, הויך אַ פּראַוולעניע,
קיין איין=איינציגען מיטגליעד נישט. און דעמאָלט ווערען אָנגענומען

10 רעזאָלוציעס, ווי צו־צוציהען מיטגליעדער. דער בונדיסט זאָגט־צו צו אַגיטירען צווישען די אַרבייטער, דער ציוניסט—צווישען ציוניסטען, דער ליטעראַט... נאָר דער ליטעראַט שמייכעלט שוין מיט זיין שטע־כעדיגען געלעכטעריל. ער ווייסט, אַז, אַזוי ווי ער, איז אויך דער בונדיסט און דער ציוניסט דער איין־איינציגער, וואָס טראָגט אויף זיך אַ קרוין פון אַנ'אָבגעשטאָרבענעם יחוס. זיי זענען ווי אַ פערוועלגערט שער'ל פון אַנ'אָבגעריסענעם ספר, און דאָס איינציגע, וואָס איז נאָך געבליבען ביי זיי, דאָס איז די גאוה צו ליעגען אינאיינעם מיט אַנדערע שמות.

די ערשטע אסיפה צוגעהט זיך. דער סעקרעטאַר רופט צוזאַמען אַ צווייטע, אַ דריטע. אויף יעדער אסיפה שווימט אַרויף אַלץ די איינציגע שאלה: וואו נעהמט מען מיטגליעדער? די 10 רעזאָלוציעס האָבען צוזאַמענגעקליבען אפשר אַ פאָר מנינים חברה־לייט, אָבער עס סטאַיעט נישט אויף אויסצושרייבען חאָטש איין לעקטאָר. דעמאָלט טרעט די „פראַוולעניע" אַריין אין אונטערהאַנדלונגען מיט אַנ'אַנדער חברה, וואָס האָט כמעט די איינענע אויסדערוועהלטע און די אייגענע מיטגליעדער. און אַלע צוזאַמען קויפען אָב ביי אַ דורכפאָהרענדער יודישער טרופע אַנ'אָווענד. ביי די טענער פון „חינקע און פינקע" פערברענגט זיך טוגע־אַדעווקעס אַ לאַנגען שבת־צו־נאַכט. און אַ גאַנצע וואָך טיילען זיך די חברות די הכנסה פון דעם אָווענד. מען הויבט שוין אָן צו קלערען וועגען אַנ'אייגענער „פּאָמעשטשעניע" אין דער „וואָלוועלער קיך"" אָדער אין בית יתומים" נאָך אַכט אַ זייגער. די „פראַוולעניע" קריגט אַרבייט, גאָט צו דאַנקען.

דערווייל פאַלט אָן דער פסח, ס'קומט אָן דער זומער־לעב. די פליגען אויף דער הענג־לאָמפּ הויבען אָן אויסצוגלייכען די פיסלעך, און אונזערע כלל־טהוער צופאָהרען זיך אויף דאַטשעס, און לעגען זיך שלאָפען.

X

# אַ יודישער באַל.

איך בין אויף אַ יודישען באַל. דער זאַל איז פֿול געפּאַקט; אין אַ קנויל פֿון אויסגעפּוצטע דאַמען און שוואַרצע רעק שפּאַר איך זיך מיט דעם רעכֿטען עלענבויגען דורך נאַקעטע פֿרויען=שולטערן און ווייסע פֿראַק=העמדער. דער אַנדערער עלענבויגען וואָלט אויך צו=נויץ געקומען, נאָר איך שלעפּ אויף איהם פֿער אָרעם אַ דאַמע און שפּאַר פֿאַר איהר דורך אַ וועג מיט מיין רעכֿטען קאַנט פֿון מיין אָרימען גוף.

וואוהין שפּאַר איך מיך? געוועהנליך, צום בופֿעט. הונגעריג בין איך אַפֿילו ניט. און די „בוטערבראָדען" ביים בופֿעט האָבען אַלע מעלות פֿון עכֿטער כּשרות, און געלד קאָסטען זיי אַזוי פֿיעל, אַז מען קאָן מיינען, זיי זענען דורכֿגעגאַנגען אַ צווייטע קאָראָבקע. אָבער דער בופֿעט מוז מיך זעהן, און איך מוז איהם געבען עפּיס צו לייזען. איהר זאָלט וויסען זיין, אַז אום עס זאָלען נישט אַרויס קיין מחלוקת, זיצען ביים בופֿעט אַלע, אַלע גלופּסקער אַריסטאָקראַטישע דאַמען. און אַרום זיי דרעהען זיך אַרום די טריי=געוואָרענע מענער, וועלכֿע ערלויבען נישט, אַז זייערע יפֿה=פֿיות זאָלען זיך חלילה פֿערפּאַטשקענען די טואַלעטען מיט די כּשר'ע בוטערבראָדען.

און ווען איך וואָלט שוין אויף מאָרגען, אַלס מאַנסביל, געקאָנט מפֿיס זיין די בופֿעט=דאַמען — וועט דאָס מיר ניט געלינגען מיט זייערע מענער. זיי, די גערייבענע סוחרים, וועלען באַלד חאַפּען וואו דער שוך קוועטשט און מיין קרעדיט קאָן חלילה געמינערט ווערען דערפֿון.



איך בין, גאָט צו דאַנקען, אין מיטען זאַל. מיט איין אויג חאַפּ

איך אַ קוק איבער די פּלייצעס פֿון מיינעם אַ בעקאַנטען וואַלד־סוחר, וועלכער שלעפּט אויך אויף׳ן אָרעם אַ פּולינקע ווייבעלע. גאָט צו דאַנקען! איך שטעה נישט אויף אַנ׳אָרט; נאָך אַ מי־נוט צעהן און איך וועל אַרויס פֿון דער שפּאַרעניש. נאָר מיט אַמאָל ווערט אַזאַ איינגעשאַפּט, אַז מיין דאַמע הויבט שוין אָן צו מאַכען מאוס׳ע העויות און ביים פּולינקען ווייבעל פֿון וואַלד־סוחר פּלאַצען שוין אַ פּאָר העקלעך אויף׳ן דעקאָלטירטען קאָר־סאַזש.

וואָס איז? די איין־איינציגע קאָסטיומירטע דאַמע, וואָס איז גע־קומען אויף׳ן קאָסטיומען־באַל, האָט געווירקט אויף די גלופּסקער באַל־פֿאַנטאַזיע, ווי אַ מורא׳דיגער מאַגנעט — און דער גאַנצער קנויל האָט זיך אַ דרעה געטהון אַהין צו דעם איין־איינציגען קאָסטיום אויף׳ן „קאָסטיומירטען באַל“.

און אַזוי ווי גלופּסק בעשטעלט נאָך נישט איהרע קאָסטיומען אין פּאַריז — האָט זיך די גלופּסקער דאַמע — איהר מאַן איז אַ דאָקטאָר — אַליין פֿערפֿאַסט אַ קאָסטיום אין סטיל פֿון אַ מענ־שען, וואָס אַנ׳אויטאָמאָביל איז איהם איבערגעפֿאָהרען, ד. ה. אַ קאָסטיום, וואָס בעשטעהט פֿון ליטער באַנדאַזשען. מען קאָן נישט זאָגען, אַז דאָס איז געווען זעהר חנו׳דיג. אָבער אַלע אין גלופּסק האָבען געפֿונען דאָס פֿאַר זעהר אָריגינעל. אַ שאָד, וואָס די חבֿרה „מושבֿ זקנים“, וועלכע האָט געמאַכט דעם קאָס־טיומען־באַל, האָט נישט געהאַט צו געבען אַ פּרעמיע פֿאַר׳ן בעס־טען קאָסטיום!

ענדליך שטעה איך שוין ביים בופֿעט. מיין דאַמע האָט שוין, ב״ה, אַ שטוהל, און עס שטעהען שוין פֿאַר אונז צו גלאָז טהיי. הינטער מיין רוקען דרעהט זיך ווי אַ שלאַנג אַ שוואַרצע מאַ־סע, פֿרויען־שולטערס מישען זיך צונויף מיט די ווייסע פּליכען פֿון די מענער, קליידער אין אַלערליי קאָלירען זעהען אויס, ווי טראַנטעס אין זאַק פֿון אַלטוואַרג־הענדלער. און די שענע פֿרויען־באַל־שיך מיט זייערע גליצערנדיגע שאַלען האָבען נישט קיין אַר־שין פּלאַץ פֿאַר זיך, אַז מען זאָל קאָנען נתפּעל ווערען פֿון זיי. דערפֿאַר טרעטען אויף זיי און אויף די היהנער־אויגען אין זיי סאָלידע גלאַנציגע מענער־שטיוועל.

אויף אַ יודישען באַל, ווי איהר ווייסט, ווערט נישט געטאַנצט. ערשטענס, איז שטענדיג דער זאַל צו־אייננ. און איינג איז ער דערפאַר, ווייל אַ יודישער באַל איז נישט בערעכענט פאַר איין בעשטימטע געזעלשאַפט, ווי ביי קריסטען, נאָר פאַר׳ן גאַנצען כלל ישראל. צווייטענס, חאָטש יודען זענען גרויסע דעמאָקראַטען, מעסט דאָך איטליכער אָב יענעמס יחוס מיט אַ ריכטיגערער וואָג, ווי אין די קלייטען, און „עס פאַסט נישט" איז די הויפט־שטימונג אויף אַ יודישען באַל. חוץ דעם, קומט מען דען אויף אַ באַל זיך אַמוזירען? חלילה! מען קומט אָבגעבען זיין חוב דעם „מושב זקנים", מען קומט פערבעסערען דעם קרעדיט מיט דער אויסשטעלונג פון ווייב׳ס טואַלעטען, מען קומט שטעהן ביים בופעט און ביי די שאַמפּאַניער־טישלעך, מען צופּלאַמט זיך ביים גערדאַנק, וואָס מעהר אַרויסצווייסען געלד ביים פובליקום, וואָס געהט אויפ׳ן באַל מיט טויזענדער כוונות, נאָר אָהן איין כונה: זיך צו אַמוזירען. מעג מען מיך האַלטען אין גלופסק פאַר אַ שונא ישראל, נאָר אַ לאַנגווייליגערע זאַך, ווי אַ יודישער באַל, איז, מיר דאַכט זיך, נישט לייכט צו געפינען. ער האָט נישט קיין שענע פאָרם, ער איז אין העכסטען גראַד נישט עסטעטיש, ער בעזיצט נישט קיין שום פרעהליכקייט און איז, קורץ און גוט, מורא׳דיג לאַנג־וויילינג. נאָר איין שטימונג בעמערקט מען: די מאַכער פון באַל, די נעכטיגע „אַריסטאָקראַטען", ווערען מיט אַ מאָל קרעמער, וואָס ווילען וואָס מעהר לייזען, און דאָס פובליקום זעהט, די פּלאָמאַטיש, צו זיין ביים בופעט אַ רואה ואינו נראה, ד. ה., מען וויל זיך וואַרפען אין די אויגען, נאָר ביים זייט אויג, נאָר נישט אויפ׳ן שוואַרץ־אַפּעל.

מיר שטעהען איצט אין סאַמע געדיכטען באַל־סעזאָן. גלופסקער באַל־קאָמיסיעס ווערען אפשר האָבען פּאַראיבעל אויף מיר. נאָר גלויבט מיר, איך ווייס, אַז איהר מיינט נישט זיך, נאָר דעם „מושב זקנים"... אָבער וואָס זענען מיר שולדיג, אַז אונזער נשמה איז נאָך ווייט פון דעם חאַלאַט פון אַ באָגאַדעלניע, און עס ווילט זיך אַמאָל פרעהליכקייט, אַ באַל־אַטמאָספערע, אַ ביסעל פלירט, שענע טענץ און אַלע די גוטיגקייטען, נאָך וואָס עס גאַרט אַמאָל אַ נאַרישע יונגע נשמה?...

XI

# א יודיש בוך.

פון יעהופעץ, טונעיאַדעווקע און קאַבצאַנסק שיטען זיך אין די צייטונגען קאָרעספאָנדענציעס אויף קאָרעספאָנדענציעס. אומעטום עפענען זיך אויך צוויינג=אָבטיילונגען פון דער פעטערבורגער יודיש=ליטעראַרישער חברה, און וואו ניט וואו מאַכט זיך אַ שטאָדט, ווי גלופסק, למשל, אַ במה לפני עצמה און עפענט=אויף אַ זעלבשטענדיגע ליטעראַרישע געזעלשאַפט. מען קאָן מיינען, אַז די ליעבשאַפט צו אַ יודיש=ליטעראַרישען בוך איז שוין אַזוי איינגעפונדעוועט אין די הערצער פון די יעהופעצער און טונעיאַדעווקער יודען, אַז עס בלייבט מעהר נישט איבעריג, ווי נור צו פערשטאַרקען די ליעבע דורך פערשיינערונגען און פערזאַמלונגען. אין דער אמת'ן אָבער זענען יודישע ליטעראַרישע ביכער נאָך אַלין אַ סחורה פאַר דעם אָרימען האַלב=געבילדעטען פון פאָלק. אַ מענש, וואָס האָט די זכיה צו לייענען רוסיש, וועט זיך נאָך לאַנג בעקלערען, איידער ער וועט קויפען אַ יודיש בוך. און ווען ער וועט שוין יאָ איינהאַנדלען אַ פריץ, אַ שלום=עליכם'ן, וועט ער אַייך געבען צעהן תירוצים פאַר די „נאַרישקייט", וואָס ער האָט געטהון: ערשטענס, האָט דער „בעריהמטער" אַמפיטעאַטראָוו געלויבט שלום=עליכם'ן אין הימעל אַריין, צווייטענס, איז פריץ שוין אַזוי בעקאַנט, אַז עס דרוקען איהם אַפילו רוסישע פערלעגער, און דריטענס... מען דאַרף אַמאָל זעהן, מיט וואָס עס שמאַקעווען זיך אַזוי די ציוניסטען, א. א. וו., א. א. וו. דער מיטעלער געבילדעטער אינטעליגענט נעהמט זיך פאַר אַ יודיש בוך מיט אַ קרימעלע אויף די ליפען, מיט דעם הינטער=געדאַנק: וואָס קאָנען שוין איהם, דעם פיינשמעקער, זאָגען די יודישע ליטעראַטען, אַז ער איז שוין אָנגע= 158

לעזען ווי אַ פּויק אין טשעהאָוו׳ן, טורגענעוו׳ן און ווערביצקאַ׳ן. אַ מענש, וואָס שלינגט איין יעדע זאַך פון אַנדרייעוו׳ן און קוקט זיך אָן אין טעאַטער אַ טיהאָנאָוואַ, אַ רישקאָוו׳ן און אַזעלכע טייערע שטיק, ווי „דער גרויסער מענש״ פון איקס=איפּסעלאָן א. ד. גל.—טאָ ווי קאָן שוין אַזאַ מענש געניסען אַ זשאַרגאָניש בוך? זיין געשמאַק איז שוין אַזוי איידעל, אַז ער איז שוין גאָרנישט מסוגל זיך „אַרונטערצולאָזען״ אַביסעל. שלום=עליכם׳ן לייענען — איז נאָך ווי עס איז. מען לאַכט וועניגסטענס, אָבער די אַנדערע? אַ פּרי׳ן, אַנ׳אַבּראַמאָוויטש׳ן? בעסער וועט ער גרינדען אַ ליטעראַרישע געזעלשאַפט, כדי ער זאָל אָהן מיה און מאַטערניש דערגעהן פון דעם דורכפאָהרענדיגען לעקטאָר די ווערדע און די וויכטיגקייט פון אַ יודישען שרייבער.

און אָבשאַצען די ווערדע פון אַ יודישען שרייבער דאַרף מען קאָנען. ס׳איז היינט געוואָרען אַ מאָדע=זאַך צו קענען די זשאַרגאָנישע שרייבער, ווי אַמאָל די נאָרוועגישע. וועגען ש. אַש רעדט מען אַפילו אין גוי׳אישע הייזער און פּרץ הירשביין דרוקט זיך אין „שיפּאָווניק״. אַ „געבילדעטער״ מענש דאַרף קאָנען וועגען אַלץ ריידען. צום אומגליק אָבער זענען די זשאַרגאָניסטען אַזוי וועניג איבערזעצט אויף רוסיש. גראָד אַנ׳אַבּראַמאָוויטש, אַ פּרץ, אַ שלום=עליכם, וואָס מען מאַכט פון זיי אַזאַ פּירוש („אַפילו אַש אַליין, וואָס איז שוין אָנגענומען ביי דער וועלט, זאָגט, אַז די דערמאָהנטע זענען גרעסער פאַר איהם״), ליעגען אין די ד׳ אַמות פון אַ יודישען מוכר ספרים און מען זעהט זיי קיינמאָל נישט אין אַ „קניזשני מאַגאַזין״. היינט די שפּראַך זייערע!! דוכט זיך, זשאַרגאָן קענען אַלע יודען, סיי אַדוואָקאַטען, צאָהן=דאָקטוירים, סיי גלאַט אַזוי מענשען מיט „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ״. און פונדעסטוועגען ברעכט מען זיך די צייהן לייענענדיג אַ יודישען שרייבער. אָט נעהמט, למשל, פּרץ׳ס אַ מעשה׳לע „לא תחמוד״. בעהיט מיך גאָט, אויב איך, דער טונעיאַדעווקער אויגען=דאָקטאָר, פערשטעה דערפון אַ וואָרט.

און ס׳ווערט געגרינדעט אַ יודישע ליטעראַרישע חברה, ה׳ דובנאָוו, דער יודישער היסטאָריקער, וועט שוין אַזוי גוט זיין שיקען אַ לעקטאָר. און מען וועט פערשטאָהן לייענען אַ יודישען שרייבער.

נאָר אַזוי ווי אַ יוד מיט אַ דיפּלאָם איז מחויב וועגען אַלץ צו האָבען

אַ „זעלבשטענדיגע“ מיינונג, וועלען אין די ליטעראַרישע חברות, — ווען די צייט איז שטיל און עס זעהט זיך נישט קיין לעקטאָר פון פעטערבורג, — פאָרקומען פיינע וכוחים וועגען העברעאיש און זשאַרגאָן; און צי איז רוסיש די שפּראַך, וואָס דאַרף אַריינגענומען ווערען אין אַ פּראָגראַם פון אַ יודישער חברה, וואָס גיט זיך נור אָב מיט יודיש-נאַציאָנאַלע פראַגען; און צי זאָל מען שיקען צו דעם קולטור-קאָנגרעס אַ דעלעגאַט, צי אַ טעלעגראַם, א. א. וו., א. א. וו.

אָבער קיינעם פון די „פיהרער“ אין די ליטעראַרישע חברות וועט נישט איינפאַלען, אַז דער זשאַרגאָן איז אפשר נאָך אַ שווערערע שפּראַך, ווי עספּעראַנטאָ, און אַז עס שאַדט נישט אונזערע „אינטעליגענטען“, וואָס ריידען אויף אַלע לשונות אַ בוך-שפּראַך — זיך אויסצולערנען לייענען מאַמע-לשון, לייענען און פערשטעהן.

ווי לייכט עס איז צו גרינדען אַ יודיש-ליטעראַרישע חברה!

ווי שווער עס קומט אָן צו לייענען אַ יודיש בוך!

XII

# דאָס פּינטעלע ייד.

ביי אַלע פֿעלקער, אויך ביי דער אינטעליגענץ, איז דער נאַציאָנאַלער מזג פֿון אַ פֿאָלק — אַ קלעקס; ביי אונז, הויפּטזעכליך ביי די געבילדעטע — אַ פּינטעלע. מעגען די אומות־העולם דאָס אָבלייקענען, מעגען זיי אויסטראַכטען אויף אונז דעם בלבול, אַז מיר שיידען זיך אָב מיט אונזער מזג פֿון דייטשען, רוסען, ווי בוימאייל אויף וואַסער. אונז אַרט דאָס קנאַפּ. מיר ווייסען, אַז חיין פּינטעלעך וועט איהר ביי אונז ווענינ וואָס געפינען יודישקייט. אַ גאַנץ יאָהר לעבען מיר, ווי מרדכי בשעתו, אין תצר המלך, רייד'ען: אין פּערסיען — פּערסיש, אין רוסלאַנד — רוסיש און אין דער שווייץ — חייבע־דייטש. נאָר צייטענווייז, אַמאָל, אַמאָל שפּרינגט אַרויס ביי אונז דאָס פּינטעלע יוד. עס פֿערווילט זיך אַמאָל אַ שבת'דיגען לאָקשען־קוגעל, אַ שיסעלע טשאָלענט, אַ שטיקעלע פּיש מיט זאַפֿראַן פֿערגעלט, אַביסעלע פּאָנטאַק צמוקים־ווייך... יום־כּפּור־אָוועגד אין דער „פילהאַרמאָניע" ווילט זיך הערען אַ „כּל נדרי" פֿון מאַקס ברוך, און זומער, ווען עס בעווייזט זיך אין די גאָרטענס אַ יודישע טרופּע, ווילט זיך געניסען די שענע טעאַטער־שטיק פֿון אַ לאַטיינער, וואו סעם אַדלער שפּיעלט דעם קאָמישען ישיבה־בחור.

מיר האָבען, חלילה, נישט בדעה אומצומאַכען אונזער קיך, אַז זי זאָל אונז קאָנען שטענדיג פֿערזאָרגען מיט יודישע מאכלים. מיר בענוצען אויך נישט קיין פּאָנטאַק אין די געוועהנליכע טעג פֿון אונזער לעבען. עס וועט אונז קיינמאָל ניט אײַנפֿאַלען אין קאָפּ צו ווערען אַ זשעראַנט פֿון אַ יודישען טעאַטער, אום זיך צו סמאַקעווען מיט סעם אַדלער חאָטש איין מאָל אַ וואָך. די תאוה צו די אַלע זאַכען

איז נור אַ פּינטעלע, און אויף אונזערע ליפּען רוהט שוין אַנ׳איראָנישער שמייכעל, ווען מיר נעהמען זיך מיט גאָפּעל צו דעם געלען בע׳הנ׳טען פּיש. מיר לאַכען אַליין אָב פון די נאַרישע פּינטעלעך, וואָס קריכען אַריין אַמאָל אין דער נשמה, ווי קליינע שדים׳לעך. און אַזוי ווי אַ מענש איז בטבע צו זיך אַליין אַ גרויסער בעל=רחמים— איז ער זיך מוחל פאַר די נאַרישקייט, וואָס ער טהוט, און עסט מיט גרויס אַפּעטיט יודישע בעבעלעך מיט קליסקעלעך.

עס פּאַסירט אָבער אויך אַמאָל, ווען דער יודישער אינטעליגענט, דער דאָקטאָר, אָדער אַדוואָקאַט פערליערט דעם איראָנישען שמייכעל אויף זיינע ליפּען און נעהמט ערנסט פּערטיידיגען די וויכטיגקייט פון דעם שד׳ל, וואָס האָט זיך בעזעצט אין זיין נשמה.

איטליכעס מאָל, ווען ער, אַלס גבאי, וויל פול מאַכען די קאַסע פון זיין אָרימער חברה — קויפט ער אָב מיט פערגניגען ביי דער יודישער טרופּע אַ טעאַטער=שטיק און צושיקט איבער גאַנץ שטאָדט די בילעטען.

דערביי חייזט ער נישט=ווילענדיג אַרויס—אָדער זיין מורא׳דיגע אונוויסענהייט פון יודישען טעאַטער=רעפּערטואַר, אָדער זיין נידעריגען „יודישען" געשמאַק. דער איינענער אינטעליגענט, וואָס קוועלט=אָן פון איבסען, אַנדרייעוו, הויפּטמאַן און אַנדערע גרויסע דראַמאַטורגען אין פרעמדע טעאַטערס, זיצט, מיט אַ ברייט צולאָזענעם שמייכעל אויפ׳ן פּנים, ביי דער פאָרשטעלונג פון אַ „יודעלע קלאַפּ", „חינקע פּינקע" אָדער „דער אָרימער מיליאָנער". ער געניסט מיט התמדה שענע קופּלעטען פון ליעדעל: „וויל איך עסען, עסט מיין ווייב, וויל איך שלאָפען, שלאָפט מיין ווייב" א. א. וו. אָדער: „אַז מען גיט מיר — פּיק איך, וואָרום — לעולם תּקח", און זשאַלעוועט נישט זיינע הענד אויף פּראַוואָ=פּאַטשעריי.

נישט לאַנג בין איך געזעסען ביי אַ פאָרשטעלונג. דאָס איז געמאַכט געוואָרען פון „חברה מפיצי השׂכּלה בישׂראל". די גבאים, וואָס לעבען אַ גאַנץ יאָהר מיט זייערע פּינטעלעך, האָבען אויסגעקליבען פאַר דעם אָוענד „דאָס פּינטעלע יוד". פון דעם גאַנצען יודישען רעפּערטואַר האָבען זיי קיין בעסער שטיק נישט געפונען. דאָס טעאַטער איז געווען פּאַק און פול פון אונזערע פּריווילעגירטע, וואָס פערשפּרייטען בילדונג אין פאָלק. און עס איז געווען שוין צו

קוקען, ווי אונזערע בילדונגס־פערשפרייטער האָבען שטאַרק נחת געקליבען פון דעם גרעבסטען באַלאַגאַן.

צייטענווייז האָב איך געטראַכט: שעַנע בילדונגס־פערשפרייטער, וואָס שטעהען אין געשמאַק נישט העכער פאַר אַ משרת ביי אַ קצב! נאָר דערנאָך האָב איך זיך אַרומגעזעהן, אַז דאָ האָבען מיר צו טהון מיט דעם „פינטעלע יוד“, וואָס איז נור אַ צופעליג אָנשיקעניש אין דער נשמה פון אונזערע פריווילעגירטע אינטעליגענטען; אַז דער איינענער יוד, וואָס האָט ערצויגען זיין נומען צו אונטערשיידען איין שאַמפּאַניער־מאַרקע פון דער צווייטער, האָט שטאַרק הנאה פון אַ מגושם'דיגען טשאָלענט; אַז דער היינט־מאָדישער בילדונגס־פערשפרייטער ביי יודען פערמאָגט נור פון דער גאַנצער יודישקייט נור עטליכע פינטעלעך, און גראָד אַזוינע, וואָס שטעלען איהם אַלס געבילדעטען מענשען אין איין הויך מיט דער פערגרעבטער מאַסע.

איך האָב זיך דערמאָהנט, אַז איך האָב נאָך כמעט קיין איין מאָל נישט געזעהן אַ שטיק אויפפיהרען לטובת אַ יודישער קולטור־חברה, וואו עס זאָלען נישט זיין עהנליכע קופּלעטען: „אַז מען גיט — פּיק איך, וואָרום — לעולם תקח“ — און איך האָב זיך ביסלעכווייז בערוהיגט.

נאָכמעהר, איך האָב זיך שפּעטער נאָך גענומען איינריידען, אַז פאַר אונזערע בילדונגס־פערשפרייטער איז גראָד „דאָס פינטעלע יוד“ דאָס בעסטע טעאַטער־שטיק, וואָס בעלייכט ווי מיט בענגאַלישען פייער זייער יודיש האַרץ און געמיטה, חאָטש אין אומגעקעהרטען זין.

און זיך צוקוקענדיג צו דעם באַלאַגאַנעם שפּיעלען פון אַ יודישער פּראָווינץ־טרופּע האָט זיך מיר געדוכט, אַז עמיצער שטעקט אַרויס אונזערע בילדונגס־פערשפרייטער אַ צונג, אַ צונג פון אַלץ, וואָס האָט צו טהון מיט מענשען, וואָס פערמאָגען נור פינטעלעך, נישט די ברייטע פעסטע ליניען פון אַ מענשען מיט אַ כאַראַקטער, פון אַ מאָלק מיט אַ פעסטען קלאָרען פנים.

XIII

# עקביה בן מהללאל.

אין די שײנע זומערדיגע טעג, װען דאָס חדר־ױנגעל רײסט זיך צו דער גאַס, צום טײך, — הײסט איהם דער מלמד זאָגען דעם פּרק, װאו ער בעקענט זיך מיט דעם מה־שהורה־דיגען עקביה בן מהללאל׳ס קוק אויפ׳ן לעבען:

—„פֿין װאַנען קומסטו? פֿון אַ... טראָפּען. און װאוהין גײעהסטו? קײען די שװאַרצע ערד“!

אַ שאָטען שװעבט אַריבער איבער דעם קלאָרען זומערדיגען טאָג, אָבער עס געדױערט נור אַ רגע, און באַלד איז דער שאָטען פערבלױנען: דער זומערדיגער טאָג האָט מנצח געװען דעם מעלאַנכאָלישען תנא.

אַנטקעגען װאָס זאָג איך דאָס? אַנטקעגען די פערביטערטע מעלאַנכאָליקער, װאָס קאָנען נישט זעהן, װי אַ מענש נעהמט אַ טרונק װאַסער אין מויל, און דערבײ איהם גײסט אַ פרעג צו טהון: „פֿון װאַנען קומסטו? װאוהין גײעהסטו?“ און װען בעת מעשׂה הויבט דער דאָרשטיגער אָן זיך צו שטיקען אַ רגע — האָבען זײ, די פערבײזטע, פערביטערטע מעלאַנכאָליקער, אַ שטילע הנאה דערפֿון.

עס זענען פאַראַהן נעביך מענשען, װאָס קאָנען נישט זעהן בײ עמיצען אַ פרײע מינע, דעם גלאַנץ פֿון בטחון אין די אױגען, דעם אָפּטימיסטישען בעגײסטערטען שמײכעל אויף יונגע ליפּען. און בעשענקט האָט זײ דער בורא מיט אַ שטעכענדיג חוזק׳ל, מיט דעם קלײנעם שדי׳ל, װאָס מאַכט קאַליע דאָס ביער אין די פלאַשען און מאַכט זױער די מילך אין די קאַנען.

געפינט עמיצער אין אַ מיסט־קאַסטען אַ דימענט און דערפֿרײעהט

ער זיך מיט דער מציאה,—הויבען זיי אָן צו דרשנ׳ען בזה הלשון: „וואָס קאָן מען שוין הנאה האָבען פון אַ דימענט. וואָס האָט זיך געוואַלגערט צווישען אַ לעכערדיגען קאַלאָש און אַ צוריסענעם ווינדעל“. דער מיסט-קאַסטען פערנעהמט מעהר אָרט אין זייער קראַנקער פאָרשטעלונג, ווי דער דימענט; דער לאָך פון קאַלאָש בלייבט שטאַרקער אין זייער זכרון, ווי דער גלאַנץ פונ׳ם טייערסטען איידעלשטיין. און ווען זייערע ווערטער געהען פאַרביי פאַר׳ן אויער ווי דאָס זשוזשען פון אַ זלידנע-פליעג — הויבען זיי אָן אַיינצושרעקען דעם גליקליכען געפינער מיט אַלערליי התראות: „געדענק, ברודער, אַז אין אַ מיסט-קאַסטען קלויבען זיך צונויף אַלערליי באַקטעריען און באַצילען, דו וועסט נאָך חאַפּען די שווינדזוכט, ווען דו וועסט זיך האָצקענען מיט דיין טייערער מציאה“.

רעדט מען וועגען אַ נייער גרינדונג, וועגען אַ נייער כלל-אונטערנעהמונג, און דערפיהלען זיי, אַז די אַטמאָספערע איז אויף אַ ווייַלע וואַרימער געוואָרען — הויבען זיי אָן, די עקביה׳ס, קעלטער צו מאַכען די התלהבות מיט דעם שעֶנעם „פון וואַנען קומסטו? און וואוהין געהסטו?“ דערמאָהנען כלל-ישׂראל, אַז עס איז נאָך פאַרהאַן ביי יודען עמיגראַנטען, און אַז די טערקיי האָט נאָך אַלץ אַ „רייטצעטיל“ פאַר יודישע אַיינוואַנדערער. און אַז דער מענש נעהמט זיך פון אַ „טפּה סרוחה“, און מיט דער צייט וועט ער „קייען די ערד“.

און טאָמער געפינט זיך אַ מענש, וואָס קלערט פון עפּיס אַ גרעסערע, ברייטערער נאַציאָנאַלער אַרבייט, געהען זיי שוין גאָר אַרויס פון די כלים.

„סטייטש! ווי „סמייעט“ דאָס גאָר אַ פאָלק פון קבצנים צו קלערען און טראַכטען וועגען עפּיס אַנדערש, חוץ אַלטע הויזען און צוריסענע מאַרינאַרקעס, בעת „פינף מיליאָן יודען לעבען אין דחקות“. און גלאַט גערעדט „פון וואַנען קומסטו? און וואוהין געהסטו?“

נאָר מען דאַרף נישט מיינען, אַז די פינסטערע עקביה׳ס פערברייגען זייער טאָג אין הוילע קלעמעניש.

עס טרעפט אַמאָל, אַז איין עקביה בעגעגענט אַ צווייטען שפּאַצירענדיג אין „זאַקסישען“, און דעמאָלט הויבען זיי אָן איינער פאַר׳ן

אַנדערען אויסצוגיסען זייער גאַל אויפ'ן לעבען, אויף די וועלט, אויף די נפשות אין הויזען און אין די איינגע שמאָלע קליידלעך.

און איינמאָל האָב איך אונטערגעהערט אַזאַ שמועס:

„שווער צו לעבען, עקביה־לעבען, איך האָב היינט געלייענט, אַז אויף איטאַליענישע שפּילקע־קעפּעל געפינען זיך טויזענטער באַקטעריען; אין יעדען גלאָז־וואַסער שווימען אַרום מיליאַרדען חיה'לעך. און נעכטען האָט זיך איינער פערסמ'ט מיט אַ קאָלבאַסע, וואָס ער האָט געקויפט אין אַ גרויס וואורשט־געשעפט. אונזער לעבען איז אין הוילע סכנות. ווער ווייסט, צי אויף דער באַנק, וואָס מיר זיצען איצט, איז נישט געזעסען פריהער אַ סוחאָטניק“.

און דער צווייטער עקביה האָט דערויף געענטפערט מיט אַ זיפץ, אין ווערלכען עס האָט זיך געהערט אַ נחת־רוח:

„און ווען מען בעקלערט, מיין פריינד, אַז אין דער אמת'ן שטעהען מיר אַ מינוט נישט אויף איין אָרט — וויל די ערד דרעהט זיך תמיד אַרום עקוואַטאָר און אַרום דער זון — ווערט מען גאָר מבולבל. און, ווי איך האָב היינט געלייענט, זענען מיר אויף אַ רגע נישט זיכער פון אַן ערד־ציטערניש; דער קאָמעט, וואָס איז פאַר־אַ־יאָהרען דורך, האָט אָנגעמאַכט אַ חורבן. מיר וועלען נאָך דערלעבען, אַז קאָפּערניקוס'עס דענקמאָל אין וואַרשאַ וועט נאָך אַמאָל ליעגען מיט דעם... אַרויף... אַ גרויסער מענש געווען קאָפּערניקוס“! — האָט ער פערענדיגט מיט אַ פערקלערטען געשמאַקען זיפץ.

ביי דעם געלעהרטען שמועס האָבען זיי זיך אָנגעלאָדעוועט מיט אַ פּאָר מויז התראות פאַר'ן פשוט'ן עולם, וואָס לעבט, ווי נאָר האָט געבאָטען, אָהן שום פחד. און אַרויסגעהענדיג פון „זאַקסישען“, זענען זיך די עקביה'ס פרעהליך אַוועק שרעקען שוואַנגערע ווייבער און קינדער אין די וויעגען מיט נייע התראות, מיט אַ רייסטער פון נייע סכנות.

XIV

# דער פובליציסט פון א קעז-בלעטעל.

שיימע פליימאַן האָט פון אַלע מלאכות גראָד אויסגעקליבען די פען-אַרבייט. פאַרוואָס? — האָט ער אַליין גוט געוואוסט. נאָר טיעף אין האַרצען האָט ער געפיהלט, אַז אַנ'איינגעטונקטע פען איז גאָט די נשמה שולדיג: וואָס מען וויל, מאַכט מען מיט איהר. נאָר מען דאַרף חלילה ניט מיינען, אַז פליימאַן איז באַלד געוואָרען אַ שרייבער ביי יודען. איידער דער אויבערשטער האָט איהם מזכה געווען מיט אַ קעז-בלעטעל „עסט געזונטערהייט" אין אַ גרויסער שטאָדט, און דאָרטען האָט ער פערנומען דעם בכבוד'יגען אָרט פון ערשטען פובליציסט, — איז ער נעבעך געווען, ווי אַלע יודען, אַ גרויסער נע-ונד'ניק. די מעקלעריי און די סוחר'עריי האָבען איהם ניט דערלאָזען זיך צו נעהמען אָפטער פאַר דער פען. אַנ'אויסנאַהם זענען נאָר געווען די געבענשטע זומער-טעג, ווען אין באַזעל האָט זיך צוזאַמענגעקליבען אַ ציוניסטען-קאָנגרעס. דעמאָלט, ווען יודישע צייטונגען ברענען ווי אויף פייער — און צאָהלען מזומנים פאַר אַ קאָרעספאָנדענץ פון באַזעל — פלעגט שיימע פליימאַן אַוועקוואַרפען אַלע זיינע געשעפטען און ווערען אַ קאָרעספאָנדענט פאַר צעהן יודישע צייטונגען. דער מסחר מיט די קאָרעספאָנדענצען האָט אמת געגעבען אַ גרעסערען ריוח, ווי יודישע מעקלעריי,—אָבער צום אומגליק איז דאָס נור געווען אַ סעזאָנאַרטיקעל, וואָס געהט נור אַ פּאָר וואָכען אין יאָהר, — און שיימע פליימאַן פלעגט ווייטער פערשווינדען פון די אויגען פון'ם יודישען לעזער אויף אַ גאַנץ יאָהר, ווי אַנ'אתרוג נאָך סוכות.

ביז דאָס יודישע קעז־בלעטעל „עסט־געזונטערהייט" האָט איהם אײַנגעלאַדען צו ווערען זיין „פּרימאַדאָנע", דאָס הייסט, זיין ערשטער פּובליציסט. און שיימע פליימאַן האָט אַוועקגעוואָרפען מעקלעריי און אַנדערע יודישע פערשאָלטענע עסקים — און געוואָרען אַ שרייבער ביי יודען, אַ שרייבער, וואָס בלאָזט זיין קוהישען פּובליציסטישען שופר ניט נור אלול־צייט, נאָר אַ גאַנץ יאָהר.

די ערשטע צייט האָבען איהם גוטע תמ'עוואַטע פריינד און מחותנים אָבגעראַטהען זיך צו נעהמען צו אַזאַ שווערער פּרנסה. עס שטרענגט אָן דאָס האַרץ, האָבען זיי איהם גע'טענה'ט, און דו הייסט דאָך, שיימע, אַז נאָך דיין געלענק־רעמאַטיזם איז ביי דיר איבערגעבליבען אַ סירכא אויפ'ן האַרצען... ווען אָבער שיימע פליימאַן האָט זיי ערקלערט, אַז שרייבען שרייבט מען מיט דער פעדער, ניט מיט'ן האַרצען, אַז בשעת דער שרייבעריי איז ער קאַלט, ווי אַ גרינער פראָש, האָבען זיך זיינע מחותנים און גוטע פריינד בערוהיגט.

און שיימע פליימאַנ'ס פען האָט אָנגעהויבען פאָהרען איבער אַ געקעסטעלטען בלאַט פּאַפּיער. ווילט איהר אַ קריטיק פון טעריטאָריאַליזם — אדרבה! זאָל מען אפשר קריטיקירען אַ ביסעל, גאָר גאָר אַ קאַפּעלע דעם ציוניזם — די פען פאָלגט. און אפשר ווילט איהר, איך זאָל אויסשטעלען אַ פייג אין קעשענע דער דומע — מיט דעם גרעסטען פערגניגען! גרויס איז אָבער פליימאַן געוואָרען ביים רעדאַקטאָר פון „עסט־געזונטערהייט" אין דעם טאָג, ווען ער האָט בעקלאָגט מיט זיין פּובליציסטישער פען דעם טויט פון אַ בעריהמטען יודישען טהוער און בעזונגען דעם „תנאים" פון אַ יונג פריילין, וואָס געהערט צום גרעסטען יודישען יחוס, ווייל איהר פאָטער האָט מיט פלאַמענדיגע אותיות אײַנגעשריבען זיין נאָמען אין דער יודישער היסטאָריע.

וועגען ערשטענס טויט האָט זיין פען פלינק געשריבען:

„דאָס האַרץ איז צעשניטען אויף שטיקער, די נשמה וויינט אינעווייניג אין איהר ווינקעלע, אַ מורא'דיגער צער האָט אַרומגעכאַפּט דעם גאַנצען „איך" און דריקט איהם מיט פייערדיגע קלאַמערען.

וועלכע קלעמען און ,טרפה׳נען דאָס לעבעדיגע פלייש אויפ׳ן לייב.

אַצונד איז דער מלאך אין מענשליכען געשטאַלט פון אונז אָבּ־געטהון געוואָרען. פוסט און אונהיימליך איז אונזער וועלטעל גע־וואָרען; פינסטער און וויסט זעהט עס אַצונד אויס דאָרטען, הייל די זונען־שטראַהלען פון זיין עדעלער נשמה וואַרימען עס ניט און בעלייכטען עס ניט מעהר...

„וועה איז צו אונז—אונזער זון איז מעהר ניטאָ צווישען אונז!" באַלד דערויף האָט ער גיך אַ ביס געטהון אין אַ וויינינגען עפעל און מיט אַ פולען מויל האָט ער אַ קאָמאַנדע געגעבען צו דער פען: שרייב איצט עפּיס אַ פרעהליכס! און די פען האָט אָנגעהויבען: „קוש מיך מיט די קושען פון דיינע ליפען, דען דיין פריינד־שאַפט איז מיר טייערער, ווי אַ בעסאַראַבער וויִמאָראָזעק". אונ־זער גרויסען העלדענס עלטסטע טאָכטער איז מיט מזל אַ כלה געוואָרען! הימעל און ערד צעקושט זיך, און דו, טייערער היסטאָרישער טאַטע אין קבר, מאַך אַ רקוד׳ל, ווי אַ מאָל ר׳ נחמן ברעסלאַווער. לעזערינען פון „עסט־געזונטערהייט"! פלעכט קרענץ פאַר דער יונגער, דער עדעלער, דער פיינער, דער היסטאָרישער כלה. דען אויך אין דער גרעסטער שמחה טאָרען מיר ניט פער־געסען, אַז מיר זענען אַ היסטאָריש פאָלק, וואָס וויינט „פעריאָ־מערט, פערקלאָגט".

כלה, כלה וויין, דו געהסט צו דער חופה אַליין. אָבער מען טאָר ניט וויינען, וואָרום אייביג טראָגען מיר אויף די ליפען די וואָר־טער: „ובא לציון גואל ונאמר אמן!"

די געניטקייט פון פליימאַנ׳ס פען האָט שטאַרק אויסגענומען ביים רעדאַקטאָר פון „עסט־געזונטערהייט". „וואָס די לייט פון דער פען קאָנען" — האָט ער אַ גאַנצען טאָג זיך ניט געקאָנט אָבוואונדערן. „דאַכט זיך, אָט איז זיין האַרץ צעשניטען אויף שטיקער, און אָט געהט ער שוין אַ טענצעל און שיט מיט פסוקים, ווי אַ לעבער־דיגער זאַק מיט אַרבעס...

און שיימע פליימאַן איז פון דעם טאָג געוואָרען שוין אַזוי פעסט אין זיין מעמד, אַז דער רעדאַקטאָר פון „עסט־געזונטערהייט" האָט אָהן איהם קיין פינגער אין קאַלט וואַסער ניט אַריינגעטהון.

XV

# ביים ברעג פון ים.

מאַנכע פעלקער האָבען ליעב די הויכע בערג. זיי חלומ'ן פון די שנעעבעדעקטע שפּיצען. פון דער באַלזאַם־לופט אין דער ריינער הויכקייט. פון דעם קאַלטען, קריסטאָל־ריינעם ווינדטעל אויף די הויכע פעלזען. מיר, יודען, חלומ'ן אָבער פון ים.

די געוואַלטיגע ברייטקייט, די אייביגע בעוועגונג, דאָס אייביגע רוישען פון דעם ענדלאָזען וואַסערטעפּיך, וואָס וואַרפט זיך און שליידערט זיך, אַקוראַט ווי אַ שטאַרקע האַנד וואָלט איהם ביי די ברעגעס געשאָקעלט, די טויזענד פאַרבען, וואָס בעשיינען זיין בלוי־גרויען רוקען, די ווייסע קאַמען, וואָס צעגיסען זיך ווי גרייז־גרויע לאָקען אויף אַ יונגען געזיכט — אַלץ, אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צום ים, ציהט־צו דאָס יודיש האַרץ.

ניט צופעליג זענען אונזערע גרויסע יודישע פּאָעטען די דיכטער פון דעם ים. וועלכען שוין דער „תהלים" בעזינגט. די בעסטע ליעדער, וואָס האָט געשריבען יהודה הלוי, זענען געווען זיינע ים־ליעדער. און היינריך היינע'ס מעער־ליעד זענען די שענסטע פערלען פון זיין פּאָעטישען גייסט.

צוזאַמען מיט היינע'ן מעג זאָגען דער פיינפיהלענדער יוד:

„מיין הערץ גלייכט דעם מעערע,

האָט שטורם, עבבע און פלוטה".

דער יוד, וואָס האָט קיינמאָל זיך נישט געשטעלט מיט אַ פעסטען פוס אויף עפּיס אַ לאַנד; וואָס האָט אפשר צוזאַמען מיט קאָלומבוס'ן געשריען „לאַנד, לאַנד!" אין דעם טאָג, ווען דאָס היסטאָרישע שיף

האָט דעריזעהן פאַר זיך אַ פעסטען, האַרטען ברעג; וואָס האָט אָבער דיך אין קיין לאַנד ניט איינגעוואָרצעלט, — פיהלט, אַז דער ים, וואָס מענשען האָבען נאָך דערוויל ניט אַרומגעשטעלט מיט צוימען און גרעניצען, איז איהם אַ סך נעהנטער ווי די יבשה. דער יוד, וואָס איז אין יעדער מערכה נאָך אַלץ אַ לופט־מענש, האָט אַ גרעסערע קרובה׳שאַפט מיט דעם ים, וואו די ווינדטען בלאָזען פריי און פראַנק, ווילד און שטורמיש.

ווען מען רייסט אַרויס אַ גרעזעל מיט די וואָרצלען, ווערט דאָס אַ הזק ביי יעדען פערשייטען ווינדטעל. אַרויף און אַראָב פליהט דאָס צאַרטע פלענצעל. אַמאָל דערנעהנטערט עס זיך צו דעם, וואָס גרעזעלעך רופען דאָס „הימעל״, אַמאָל פאַלט עס אַריין אין דעם שמוציגסטען רינשטאָק. אַלץ, וואָס ס׳איז אָהן וואָרצלען, האָט „שטורם, עבבע און פלוטה״, לעבט דורך די צייטען פון אַנ׳אויפגעקומענעם און פון אַ יורד, וואַרפט זיך אַרום אַהין און אַהער, ווי די וואַסער־ברייטקייט פון ים.

און ווער ווייס, אפשר איז דער ים אויך אַזאַ מין גרעזעלע ביי גאָט, פאַר וועמען „טויזענד יאָהר זענען ניט מעהר ווי איין טאָג״ — אויך אַזאַ אויסגעפליקט בלימעלע, וואָס וואַרפט זיך אַרום צווישען די בריגעס, ווי אַ טעפיך, וואָס עס קלאַפט אויס דאָס דיענסטמיידעל, ווי אַ פערוועלקט בלעטעל. וואָס ווערט געשליידערט פון יעדען ווינד? ווי גרויס דער ים זאָל ניט זיין, ביי גאָט איז ער אַזאַ שפילכעל, ווי דאָס יודישע פאָלק, וואָס געפינט נאָך אַלץ קיין מנוחה ניט, און וואָס גיט אַרויס פון זיך פּאָעטען, וואָס זינגען:

מיין הערץ גלייכט דעם מעערע,
האָט שטורם, עבבע און פלוטה.

XVI

# אין די שטילע צימערן.

...אין ווען אַלע זענען זיך צופֿאָהרען אויף די דאַטשעס, האָט מען איהם, דעם מאַן, דעם ברויט־געבער, איבערגעלאָזען אַליין אין די שטילע צימערן. קומט ער ביי־נאַכט, נאָך אַ טאָג אַרבייט און מיה, דוכט זיך איהם אויס אין דער אַרומיגער שטילקייט, אַז איהם האָט מען איבערגעלאָזען דאָ אַלס פּקדון. און מאַנכמאָל דוכט זיך איהם, אַז ער איז גאָר אַ נאַכט־שומר געוואָרען אויף די עלטערע יאָהרען...

די ווייסע שטוהלען זענען פֿערהאַנגען מיט ברודיגע ציכען, די בילדער אויף די וואַנד זענען פֿערצויגען מיט פּאַפּיראָסען־פּאַפּיער אָדער טולענע שלייערס; אַלץ, וואָס קאָן אַיינזויגען שטויב אָדער ווערען אָבגעבלאַקירט פֿון דער זון, האָט מען אַרויסגענומען פֿון די חדרים און זיי פֿערשפּאַרט אויף אַ גאַנץ זומער אין פֿינס־טערן קאַמער'ל.

ער שפּאַצירט דורך די האַלב־אויסגעליידיגטע חדרים, ווי אין אַ פֿרעמדער דירה, און קוקט מיט אַ צעוועהטאָגט האַרץ אויף די פֿערהאַנגענע בלינדע בילדער. נאָך ווייניג, וואָס מען האָט פֿון איהם צוגענומען דאָס ווייב און קינד, נאָך ווייניג, וואָס מען האָט אויף אַ ווייל צוריסען דאָס שנירעל, אויף וועלכען עס זענען אָנגעקרעלט זיינע טעגליכע געוואָהנהייטען, — מען פֿערדעקט פֿון זיין אויג אַלץ, וואָס קאָן דערפֿרישען זיין בליק, וואָס קאָן אַרויסרופֿען אין איהם אַן אַנגענעהמע ערינערונג.

מאַנכמאָל ווערט זיין האַרץ אָנגעצונדען פֿון כעס. די, וואָס אַר־ ביי טען אַם ווייניגסטען, רוהען מעהר פֿאַר אַלע, רוהען מיט אַ

זיכּערן, פֿעסטען געוויסען, אַז די רוה האָבּען זיי כּשר פֿערדיענט. קליינע קינדער, וואָס זייער גאַנצער טאָג געהט אַוועק אין שפּיעלען זיך, ליגען איצט אויף די גרינע לאָנקעס, אין וואַלד אונטער געדיכטע בּוימער, בּיי די בּרעגעס פֿון טייך, וואו עס וועהט אַזאַ מחיה'דיג ווינדטעל. יונגע פֿרויען, וואָס אַ האַלבּ לעבּען פֿערגעהט זיי בּיי דער שניידערקע און מאָדיסטקע, ליגען איצט אין שענע פּאָזעס אָנגעלעהנט אין די זומער־וועסלען און געניסען די זיסע צייט פֿון דעם זומער צוזאַמען מיט זייערע ליעבּע חלומות. און ער, וואָס האָט אַ רגע קיין מנוחה נישט, וואָס שלאָפט נישט קיין נעכט פֿון דאגות און צומאַטערט זיינע נערווען פֿון פֿריה בּיז אָווענד, — שפּאַצירט איצט אַרום אין ליידיגע צימערן, וואָס האָבּען אויף מאָנאַטען לאַנג פֿערלאָרען דעם אַלטען, בּערוהיגענדען אָנבּליק.

נאָר דער כּעס פֿערבּרענט גיך ווי אַ שטרויעלע און ער ווערט פּלוצלונג אַ האַלבּער פֿילאָזאָף. נישט אומזיסט האָבּען קינדער און פֿרויען שוין אַזאַ מזל. מען האָט זיי ליעבּ, און דאָס, וואָס מען האָט ליעבּ, האַלט מען אייבּיג וועלען זעהן אַזוי שען און יונג, ווי אין דעם טאָג, ווען די ליעבּע האָט אויפֿגעשפּראָצט אין האַרצען. דער מאַן, וואָס שטעהט נישט אויף איין אָרט, וואָס פֿיהלט זיך נור גוט, ווען ער איז אין אַן'אייבּיגער בּעוועגונג, וואָס שטויסט און ווערט געשטויסען, האָט שוין אַזאַ טבע, אַז ער וויל, אַז דאָס קינד און די פֿרוי זאָלען בּלייבּען אין זיינע בּליקען און אין זיין האַרצען אייבּיג דיזעלבּע, די אייבּיג נישט פֿערענדערליכסטע.

זיי זענען פֿאַר איהם, דעם שיפֿער אויפ'ן ים, ווי דער לייכטטורם, וואָס ריהרט זיך נישט פֿון אָרט, און לייכט שטענדיג מיט דיזעלבּע ליכטיגע שטראַהלען.

און ווען אין האַרצען פֿון האַלבּען פֿילאָזאָף שטראָמט אַריין אַ וועל פֿון וואַרימער גוטסקייט, קוקט ער אויף די ליידיגע, נאַקעטע צימערן מיט אַ זיס־אומעטיגען בּליק און טראַכט: אַזוי האָט שוין גאָט די נאַטור איינגעריכטעט, אַז אַ מענש קאָן נישט

זיך בעגליקען, נאָר אַ צווייטען. דער מענש איז אַזוי בעשאַפען, דאָס ער קאָן גליק פערטראָגען, קאָן דאָס אָבער נישט אָנ־נעהמען מיט די הענד. צו אַליין האָבען מיר הענד, נאָר נישט צו דער געטין פאָרטונאַ. אַ צווייטער מוז אונז געבען די גאָלדענע מתנות, וואָס פאַלט פון איהר שוים.

און ער פרעהט זיך, וואָס ער, דער פקדון, דער שומר פון די ליידיגע צימערן, האָט, גאָט צו דאַנקען, די האַנד, וואָס איז נויטיג אַ צווייטען אויף אַ ווילע גליקליך צו מאַכען.

XVII

# אונטער'ן סכך-בוים.

ער ליעגט איצט אַ גאַנצען טאָג אונטער'ן סכך-בוים, וואָס האָט אויסגעשטרעקט זיינע צווייגען, ווי אַ מנורה, זיינע רעהרען, און הילט-איין אין שאָטענס זיין מאַטען קערפּער, מאַט פון דער גרויסער היץ. אין קאָפּ קריכען די געדאַנקען, ווי די רעדער פון אַ וואָגען אין געדיכטען זאַמד, ווי דאָס בלוט אין די אויפגעדראָלענע בלאָהע אָדערן, ווי די ווערעמלעך אויף דעם אויסגעטריקענטען בלאַט: פאַר זיינע אויגען בעוועגט זיך פויל דער פאַס פון טייך, וואָס שפּיגעלט אָב פוליגע הייסע וואָלקענס, אַ בלאָהען הימעל און אַ באַרגיגען גרינעם ברעג. אַ וואַרימע שטילקייט נעהמט אַרום דעם גאַנצען שטח. די שפּיציגע הייסע שטראַהלען האָבען פּעריאָגט פון דער יבשה אַלץ, וואָס לעבט און קריכט, פּעריאָגט אין די נעסטען, אין די גריבער און אין די לעכער, אַקוראַט, ווי איהם אונטער'ן געדיכטען שאָטען פון בוים.

די קריכענדיגע געדאַנקען קומען אַלץ נעהנטער און נעהנטער. באַלד וועלען זיי שוין אַריין אין דעם פּאַלאַץ, וואָס דער מענש רופט דאָס אָן כח הדמיון, הכרה און דעסגלייכען. עס טרעטען פאַר איהם אַרויס אַלץ קלאָרער און קלאָרער די טעמפּלען פון אַנ'אינדישער שטאָדט, די בודיסטישע הייליגטימער, וועלכע דרעמלען אין דער שטילקייט פון אַ פּאַלמען-וואַלד. און ער דערזעהט דעם „בן מלך“ פון ר' יהודה הלוי, גויטאַמאַ, בידאַ, וועלכער קוקט מיט פּערשטיינערטע, קאַלטע גלייכגילטיגע אויגען אויף אַלץ אין דער וועלט.

ער טראַכט: נאָר די גרויסע טראָפּישע היצען האָבען געקאָנט אָנפילען אַ מענשענ׳ס האַרץ מיט אַזאַ מורא׳דיגער גלייכגילטיגקייט. אונטער דעם פייער פון אַנ׳אינדישער זון ווערט צושמאָלצען דער „איך“ פון אַ מענשען, ווי אַ צינערנער קנאָפּ אין אויוען. די גאַנצע נאַטור אַרום האָט נור איין רצון: וואָס גיכער נעלם צו ווערען און צוגעהן אין דעם אין־סוף, ווי אַ רויך פון אַ קוימען. דער בודיסטישער געדאַנק, אַז איטליכער מענש מוז שטרעבען צו „נירוואַנאַ“, ד. ה. — נעלם צו ווערען נישט נור אויף דער וועלט, נאָר אויך אין אַלע אַנדערע וועלטען—האָט נור געקאָנט געבאָרען ווערען אין אַ לאַנד, וואו דער קערפּער צורינט פאַר היץ, וואו די בוימער וואַרפען זומער־צייט אַראָב זייערע בלעטער, ווי ביי אונז ווינטער־צייט, וואו שלאַנגען און עקדעשען אַנטלויפען פון דער פלאַקערנדיגער זון אין די טיעפסטע בעהעלטענישען פון אַלערליי זומפּען; בעת איטליכער פיהלט, אַז דער גוף איז אַנ׳איבעריגע משׂא, און נישט נור דער גוף, נאָר אויך די נשמה, וואָס פערליערט איהר בויגיגקייט, איהרע לייכטע פליגעל, ווערט שווער און קריכענדיג כמעט ווי אַ גשמיות׳דיגער חומר.

אויך דער פראָסט; די אײַזיגע קעלט שמיעדט־צו די גליעדער פון אַ מענשען און גיט איהם צו פיהלען די שווערקייט, די משׂא פון גוף. אָבער אינאיינעם מיט דער משׂא שלעפּט זיך נאָך צוערשט דער וועהטאָג אין שפּעטער, אַ ווײַלע פאַר דעם טויט, קומט אויך איהם אַרויף אַזאַ וואַרימקייט, וואָס וויעגט־אײַן זיין נשמה מיט די בעסטע חלומות.

די היץ אָבער צוגיסט זיך אין די גליעדער אָהן אַ שום שטאַרקען געפיהל. סיי דער וועהטאָג, ווי די פיעבערהאַפטע פאַנטאַזיע, וועקען נישט אויף די דינע פעדים פון אַ לעבען, וואָס האַלט ביים גוסס׳ן. אַליץ ווערט כלה, אַליץ ווערט עפּיס ווי נעלם און עס בלייבט נור איין געפיהל, אַז דאָס נעלם־ווערען זאָל שוין זיין אינגאַנצען, זאָל שוין זיין ווי דער גראָבען אויפ׳ן ים, וואָס אַ שיף האָט איהם אויסגעשניטען און וואָס די קומענדיגע וועלען פערגיסען איהם און לאָזען פון איהם קיין זכר נישט.

... און ער טראַכט מיט אַ פוילען געדאַנק ווייטער:

דער גרויסער בורא, וואָס האָט פערקערפּערט אין זיך אַלע ליידען 

און פּיין פֿון די לעבעדיגע בעשעפֿעֶנישען אין זיין לאַנד, האָט אויך געפֿיהלט מיט אַ געניאַלען האַרצען די פּיין פֿון אַ מענשעֶן, וואָס ווערט לעבעדיגערהייד צוגאָסען פֿון היץ, ווי אַ צינעֶרנער קנאָפּ. אין זיין רעליגיאָנס־פֿילאָזאָפֿיע ריידען אויפ'ן קול די טראַפּישע היצען פֿון אַ לאַנד, וואָס איז געוואָרען אַ גרויסער שמעֶלץ־קעסעל, אַ וואונדערליכע כלי, וואָס צושמעלצט אַיך די טייעֶרסטע חפצים אין אַ געדיכטער פֿליסיגער מאַסע. דאָס רעדט דעֶר אויסגעמאַטערטער הינדו, אויסגעמאַטערט פֿון היץ, און וואָס האָט נור איין געדאַנק — וואָס גיכער צורונען און נעלם צו ווערעֶן. און עס דולט זיך איהם, אַז נור איצט, ליעגענדיג אַ פֿער'חלש'טער אונטער'ן סכך־בוים, האָט ער דערטאַפּט דעם טיעפֿעֶרן זין פֿון אַ בודיסטישער פֿילאָזאָפֿיע...

... ווי נור ער איז אָבער אַרויס פֿון אונטער'ן בוים, און איז אַריין אין דער זון פֿון אַ וואַרשויער הייסען טאָג, — האָט ער שוין פֿערגעסען אָן דעם „נייעם געֶדאַנק" זיינעם, און עס איז איבעריג געבליבען ביי איהם נור איין געפֿיהל, איין רצון — וואָס גיכער נעלם צו ווערען, נעלם צו ווערען, ווי אַ צינערנער קנאָפּ אין טעפּעל פֿון אַ חדר־יונגעל, וואָס שמעלצט אויס אַ דריידעל אויף חנוכה.

XVIII

# אַן אַלטער הענגליישטער.

(די ימים־נוראים־טעג אין בערלין).

איהר געהט דורך די קאַלטע גאַסען, פֿריעדריך־שטראַסע, לייפּ־ציגער־און קעניג־שטר., און טרעפֿט אויך איטליכען טריט בלינ־דע שויבען און פֿערמאַכטע טהירען. נעבען דער בערזע, אין בער־זען־קאַפֿע זעהט איהר בלאָנדזשען אַ פּאָר לעדיגגעהער. דער פּלאַץ, וואָס איז שטענדיג געפּאַקט מיט אַלערליי בערזען־טיפּען, איז ווי אויסגעלעדיגט. דערפֿאַר איז אין גרויסען און קליינעם טיער־גאָרטען קיין באַנק ניט פֿריי. אויסגעפּוצטע יודישע דאַמען שפּאַצירען אַרום מיט דעם יום־טוב'דיג געקליידעטען מאַן אין די אַלעען. הינטער זיי שלעפּט זיך נאָך די „שפּרעוואַלדער" באָנע מיט דעם נאַציאָנאַלען „קאָפּפּוץ" און די ברייטע אָנגעקראָכמעלטע אונטעררעק, וואָס פֿיהרט ביים האַנד „יונג־איזראַעל". דאָס האָט מען געבראַכט צו פֿיהרען טאַטע־מאַמען די יונגוואַרג, גראָד אין דער צייט, ווען מיעד ווערענדיג פֿון לאַנגען דאַווענען־הערען, האָבען זיך די עלטערען געלאָזען געהן אין די גרינע אַלעען. אַ פּאָר הונדערט טויזענד „דייטשע בירגער יודישען גלויבענס" האָט פּלוצלינג פֿערהאַלט זיך דאַוונען, און אַזוי ווי עס קלעקען ניט קיין סינאַגאָגען פֿאַר אַזאַ מחנה יודען, האָט מען פֿאַר די ימים־נוראים־טעג אָבגעדונגען אַלע גרעסערע זאַלען אין פֿערשיעדענע טיילען פֿון בערלין. פֿון דער פֿילהאַרמאָניע, וואו ניקיש בע־וויזט זיך אַלע ווינטער מיט זיין דיריזשער־שטאָק, ביז דעם „פֿעענפּאַלאַסט", וואו בעבעל רעדט אָפֿט פֿאַר 5—6 טויזענד אַר־ביטער, און וואו אַ גאַנץ יאָהר הויבען די פֿיסלעך מיטעלמעסיגע

שאַנסאָנעטינס און טאַנצען „קעק=וואָק“ פּעך=שוואַרצע נעגערס; פֿון „אונטער=די=לינדען=טעאַטער“, וואו יונגע טאַלענטען ווייזען זייער דעקאַדענטישע השׂגה ביים שפּילען פון די נייעסטע מעטערלינקס און אַנדרעיעוו׳ס פּיעסעס, ביז דעם „הערענפעלד=טעאַטער“, וואו די צוויי ברידער הערענפֿעלד שפּיעלען טאָג=טעגליך זייערע יודיש=דייטשע פּאַרסען „ענדליך אַליין“, „קלאבעריאַש“, „פֿרוי ראָזאַ טורטעלטויב ביים האָפּבאַל“ א. א. וו., — אומעטום האָבען יודען פֿערשפּרייט זייערע נעצען פֿון פֿרומקייט און יודישקייט. אַלע די דאָזיגע זאַלען האָבען זיי מיט אַמאָל פערוואַנדעלט אין אַ מקום=קדוש, מיט אַן׳אָרון=קודש, אַ בימה פאַר׳ן פּרעדיגער און אַ מזרח=וואַנד פאַר׳ן בעל=תּפילה.

אין די לאָזשעס פון די פֿערשיעדענע „וואַריעטע=טעאַטערס“ זיצען איצט יודישע צניעות מיט אַ הוט “dernier cri” אויף די קונציג פריזירטע פּנימ׳לעך. דער פּאַרטער האָט הוין די שטוהלען נאָך שטענדערס צווישען, און איבער די פּרעק פֿון די דאַוונערס ציהט זיך אַ ברייטער זילבערגרויער באַנד, אַ זכר פון אַ טלית׳ל.

די סצענע, וואו אַ לאָנאַ באַריסאָן האָט געוואונקען מיט איהרע שטרוי=דינע פּיסלעך, האָט איצט פֿערנומען דער אָרון=קודש, דער שטוהל און טישעל פונ׳ם יונגען פּרעדיגער, וואָס וועט אין די העכסט קריטישע מאָמענטען, למשל, פאַר „ונתנה תקף“, אָדער נאָך „כל=נדרי“ האַלטען זיין דרשה און זיך „רעדליך“ בעמיהען נאָכצומאַכען דערביי די בעוועגונגען און דעם פּאַסטאָר=טאָן פון אָבער=ראַבינער ד״ר מאַיבוים.

אַ פּאָר הונדערט טויזענד יודען האָבען מיט אַמאָל בעקומען אַ יצר=הרע צו אַ ראַבינער אַ פּרעדיגער. ווי גרויס עס זאָל ניט זיין דאָס ראַבינער=סעמינאַריום אין בערלין, אַלין איז זי ניט אימשטאַנד צו פֿערזאָרגען כלל=בערלין מיט פֿאַרטיגע פּרעדיגער. און מען מוז שוין פאַר ליעב נעהמען מיט סעמינאַריסטען=קאַנדידאַטען, מיט ניט=געענדיגטע שילער פון דער ראַבינער=שול, ביי וועמען עס האָט נאָך ניט אָנגעהויבען צו שפּראָצען דאָס בערדעל. און אין די ראש=השנה טעג קאָן מען זעהן, ווי נעבען דעם שאָטען פון לאָנאַ באַריסאָן שטעהט און דאַווענט אַן׳עמבריאָלאָגישער ראַבינערעל און הובט, מיט שווייס אויפ׳ן שטערען, איינצו׳חזר׳ן זיך די קומענדיגע רעדע.

ער טאָג איז פֿאַר איהם אַן אמת'ער יום-הדין, און קיינער פֿיהלט ניט אַזוי די ערנסטקייט זיינע, ווי דער אָרעמער ראַבינער-שילער! אויף די שטוהלען און באַרטער, וואו מען האָט נאָך אייערנעכטען אַזוי נאַכלעסיג געהאַלטען דאָס פּראָגראַם-בלעטעל פֿון דער אָווענד-פֿאָרשטעלונג — זיצען איצט יודען און בלעטערען די מחזורים. טאַטעס וויזען אָן דעם זוהן דעם גימנאַזיסט, — שוין אַ דערוואַקסענער בחור'ל, אין קורצע הויזען מיט שניר-שטיוועל און שוואַרצע זאָקען — דעם סדר פֿון דאַווענען; אָפֿטמאָלס ווייס דער טאַטע אַליין ניט וואו מען האַלט, אָפֿטמאָלס פֿערבייטען זיך טאַטע און זוהן די יוצרות; דער גימנאַזיסטעל, — שוין אַ מיטגליעד פֿון אַ נאַציאָנאַל-יודישען פֿעראיין — פֿיהרט דעם טאַטען דורך דעם פֿינסטערען לאַבירינט פֿונ'ם פּייטנען מחזור. און סוף-כל-סוף ווערען פֿאָרט די דאַווענער אַ סך געניטער אין אַ קאָנצערט, ווי אין דער סימפּאָניע פֿון אַ ימים-נוראים'דיגען דאַווענטאָג. דאָרטען ווייסען זיי גאַנץ גענוי, ווען עס ענדיגט זיך דער מוזיקאַלישער זאַץ. וואָס אָנבעלאַנגט דעם מחזור, — קאָן נר איין גאָט זיך מרחם זיין אויף זיי! חוץ דעם בחור'ל, דעם פּרעגער, וואָס שטאַמט אַליין פֿון גאַליציען, פֿיהלען זיי זיך, ווי בלינדע, און טאַפּען דעם מחזור מעהר מיט די פֿינגער, ווי מיט די אויגען. נעבען לאָנגאַ בּאַריסאָנ'ס שאָטען, — אויף דער שאָטען איז פֿיעל סימפּאַטישער, ווי דער גאַליצישער בחור'ל מיט די וויינפּערלעך אויף די באַקען — בּעווייזט זיך דער פּרעדיגער. מיט אַ בת-קול פֿון ד"ר מאַיבּוים ערקלערט ער דעם עולם, אַז זיי זאָלען ניט מיינען, אַז זיי זענען ניט זינדיג. פֿאַר גאָט זענען אַ—אַלע, אַ—אַלע, אַ—אַלע זינדיג. נאָר — אָבעסען זיך דאָס האַרץ דאַרף מען ניט. עס זענען אָפֿען די „תשובה-טהאָרען“ און ווען מען „בעט אינבּרינסטיג“, האָרכט גאָט און פֿערציידהט. ווייל ער איז איין „אֵל רחום וחנון“ און בעטען דאַרפֿען מיר נור, אַז עס זאָל אומעטום הערשען פֿריעדען. און מיר דאַרפֿען דאַנקען די פֿאָרזעהונג, וואָס האָט אונז געגעבען אַזאַ ליטזעליגען קייזער, וואָס שירמט דעם פֿריעדען אין אייראָפּאַ. „דען ווער, יודען, טריי צו בירגער, בעטען שטענדיג פֿאַר פֿריעדען“ א. אַז. וו. א. אַז. וו.

אָבער לאַנג זיין צוגעבונדען צו דער פֿרומער פֿילהאַרמאָניע אָדער פּעגענפּאַלאַסט איז דער בערלינער יוד ניט געוועהנט. נאָכ'ן פּרעדי-

זינגער'ס דרשה פערלאָזט ער די שוהל, געהט שעפּען לופט אין די גרינען אַלעען, וואָס שיינען איצט מיט אַזאַ מילדען הערבסטיגען זוגעגנשיין.

אין געהענדיג דורך די גרינע אַלעען, — פערטראַכט זיך מאַנכער זעגען זיך, זיין יודענטום און זיין בעציהונג צום פרעדיגער און יודישען מחזור. און דעמאָלט דערטראַכט זיך דער „דייטשער בירגער יודישען גלויבענ'ס", אַז אַ גאַנץ יאָהר איז ער איינענטליך אַ דייטשער בירגער; נאָר עטליכע טעג אין יאָהר ווערט ער עפּיס אַ מחותן מיט אַנ'אַלטערטימליכען גלויבען, אַלטערטימליך, ווי די געגענשטענדע, וואָס שטעהען אין „צייגהויז" אויפ'ן שלאָס-פּלאַץ; אַזאַ מין אַנטיק, ווי די אַלטע קאַנאָנען פון הערצאָג פון בראַנדענבורג. און ניט נור אַ מחותן! ער אַליין ווערט עפּיס אַזאַ מין אַנטיק פון אַ מוזעאום, ער מיט'ן טלית'ל, מיט'ן מחזור מיט דעם וואונדערליכען אַלט-סעמיטישען לשון אין מויל און די אַלטע מוזיקאַלישע קלאַנגען פון אַ „ונתנה תוקף" און אַ „מפּני חטאינו" אין אויער. ווען ניט זיין גימנאַזיסטעל ביים זייט און זיין ווייבעלע מיט'ן ניי-מאָדישען פּאַריזער הוט — וואָלט שוין צווישען איהם און אַ חפץ אין אַ מוזעאום גאָר קיין חלוק ניט געווען. דען פּונקט ווי אַנ'אַלטערטימליכען חפץ האָט מען איהם מיט אַמאָל אַנידערגעשטעלט צווישען עהנליכע אַנטיקען. זיין בערזענאויג פון אַ גאַנץ יאָהר בלאָנדזשעט איצט אַרום איבער אַנ'עמוד, אַנ'אָרון-קודש, איבער די זילבערנע ידים פון אַ געראָלטען פּאַרמעט-ספר — פון אַ ספר, וואָס לעבט שוין טויזענדער יאָהרען אין מענשענס גייסט.

ווי דורך אַ כשוף איז ער מיט אַמאָל פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַנ'אַלטען טייערען חפץ, ווי לכּישל, אַנ'אַלטער העגנלייכטער פון טיטוס'עס צייטען. און אַזוי ווי אַלטע געגענשטענדע האָבען ליעב די האַלבע דונקעלהייט פון אַ מוזעאום, — זיצט ער איצט אין אַ זאַל, וואָס האָט קיינמאָל ניט געזעהן די גאַנצע זון, און וואו פלאַמען פון וועקסענע ליכט האָבען שטענדיג געוואָרפען זייערע לאַנגע צי-טערדיגע שאָטענס.

געהענדיג דורך די גרינע אַלעען, געאַרעמט מיט זיין שעך ווייבעל אין פּאַריזער הוט, דערפיהלט פלוצלינג דער „דייטשער בירגער יו-דישען גלויבענ'ס". ווי אַ ברייטע גאוה שפּאַרט איהם ביז צו האַלז.

ער איז שטאָלץ, וואָס צייטענווייז איז ער ניט ווייניגער ליעב און טייער, ווי אַנ'אַלטערטימליכער הפּץ, וואָס זיין יחוס ציהט זיך ביז צום העננלייכטער אין טיטוס-צייטען, וואָס ער איז ימים-נוראים-טעג צוגלייך אַ דייטשער בירגער און אַ זעלטענער אַנטיק, וואָס ווינקט זיך שוין איבער מיט די ערשטע גרינדער פון דער קייזערליכער האָהענצאָלערן-משפחה. ער דערמאָהנט זיך אָן היינע'ס ווערטעל: דאָס ווען פון יודען וואָלט נור איבערגעבליבען איין מענש איוף דער וועלט, — וואָלט מען דאָך ניט געשוינט קיין מיה און קאָסטען צו פאָהרען זעהן דעם איינציגען יורש פון אַלטען פאָלק. און ער פיהלט, אַז ביי זיך איז איטליכער איינער, אַז אויך ער האָט געמעגט זיין דער איינ-איינציגער יוד, צוליעב וועלכען מען וואָלט אויסגעפאָהרען אַ וועלט, נור איהם צו זעהן.

די גאַנצע גאוה פון אַ קינד פון אַנ'אַלטער דינאַסטיע קלייבט זיך אַריין אין האַרצען פון בערלינער יודען, דעם קאָמערציען-ראַטה; ער דריקט פעסטער דעם אָרעם פון זיין ווייבעלע — און ער האָט אַ גרויסען גייסטיגען פערגעניגען פון זיין יודענטום...

מיט אַמאָל פאַלט זיין בליק אויף אַ יונגען מאַן אין אַ שוואַרץ העמדעל און אַ טיפּישען יודישען נאָז, וואָס האָט זיך אויפגעהויבען מיט אַ „הייפּלין עלענד", — ווי די דייטשען רופען אַ רוסישע קורסיסטקע, — פון אַ באַנק און אויך זיך געלאָזען געהן שפּאַצירען. ער האָט באַלד דערקענט אין איהם אַ רוסישען „גלויבענסגענאָסען". „אויך ער איז אַזאַ מוזעאומס-אַנטיק, ווי איך" — האָט ער פּלוצלינג אַ טראַכט געטהון און ס'איז איהם געוואָרען פינסטער אין די אויגען — „אויך ער איז אַ קינד פון אַנ'אַלטער דינאַסטיע, אויך ער האָט געקאָנט זיין דער איינער, צו וועמען מען וואָלט געפאָהרען פון דער גאַנצער וועלט".

און זיין ברייטע גאוה איז שנעל צעקראָכען, ווי שוים.

ער האָט זיך פּלוצלינג ענטשלאָסען אַריינצוגעהן אַ ווייל מיט דער פרוי אין אַ קאַפע.

# אינהאלט;

# דרוק-פעהלער.

| זייטע | שורה | געדרוקט: | דאַרף זיין: |
|---|---|---|---|
| 13 | 1 | אַנשטאַלטען | געשטאַלטען. |
| 150 | 20 | אין | און. |
| 170 | 5 (פון אונטען) | גלייכט דעם מעערע | גלייכט גאַנץ דעם מעערע |

ז. 12 דאַרף מען לייענען די 4-טע שורה פון אויבען, און דערנאָך די 3-טע.

